מ. פּיסיוּק

# בלעטער זכרונות

פאַרלאַג „אחיספר" בײַ געז. „צענטראַל" װאַרשע

# קאַפּיטל I

מלחמה-מסחרים. — אַלטע סוחרים און מלחמה-ספּעקולאַנטן. — אַ צייט פון שווינדל און רויב. — די ראָל פון לעמבערג אין מסחר. — אַ פאַרשפּעטיקטער אמת. — בלוט און געלט. — דער רוסישער פּראָגנאָז אין גאַליציע. — די התפּעלות פון די רעכטע רוסישע צייטונגען. — וואָס יידן שמועס׳. — די דייטשישע אפּענסיווע. — די יידישע פרייד. — מענשיקאָוו. — אַן אויסערלעבער אמת. — אַ משל מיט אַ פּריץ און אַן ארענדאַר. — „מאָשקע, דו לאַכסט?“ — מען לאַכט אַן פרייד. — דער ריקצוג פונם רוסישן מיליטער. — ראָוונע ווערט איבערגעפּאַקט מיט זעלנער און פּליטים. — וואָלינער יידן. — דער ליבעראַלער גובערנאַטאָר אין זשיטאָמיר. — זיין באַגעגעניש מיט די ערשטע צוויי יידן. — אַ קורצער שמועס.

מיר זענען בשלום אַדורכגעקומען דעם ווינטער פון יאָר 1914–15. דאָס רוסישע מיליטער איז געשטאַנען אין גאַליציע, ראָוונע איז געווען אַ הינטערפראָנט-שטאָט. די דירעקטע פּחדים פון מלחמה האָבן זי כמעט נישט באַרירט.

די שטאָט האָט געפירט גרויסע געשעפטן. זי איז גע-שטאַנען אין פאַרבינדונג מיט לעמבערג און האָט צוגעשטעלט פאַרשיידענע פּראָדוקטן פאַר דער אַרמעע. עס זענען אַרויסגע-

שפּרונגען נייע סוחרים, פּאָדראַדטשיקעס, מעקלער, וואָס האָבן געמאַכט די מטבע.

מיינע געשעפטן זענען געווען גאַנץ מאָגערע. מען האָט מיר צוגעמאַכט דעם ביר-זאַוואָד און דערמיט זענען מיטאַמאָל פאַרשאָטן געוואָרן אַלע קוואַלן פון חיונה.

עס איז מערקווירדיק: אַן אַלטער כאָלידער סוחר אָדער אַן אַלטער רעיעלער פאַבריקאַנט האָט זיך נישט געקענט צו-פּאַסן צו די בליצשנעלע, שווינדלדיקע מלחמה-פרנסות ביי די אַרמעען. זיי זענען געווען צו ערלעך, צו פאָרזיכטיק — איך וואָלט געזאָגט: צו אַריסטאָקראַטיש — פאַר דידאָזיקע פּרנסות. און נישט אומזיסט זענען זיי כמעט אַלע געוואָרן יורדים אין דער מלחמה. מען האָט פאַרלאָרן די פאַרמעגנס און מען איז דערגאַנגען צו אַ שטופּע פון קבצנות.

די אַלע, וואָס זענען אויפגעקומען, וואָס האָבן זיך „אַרויפגעאַרבעט", ווי מען זאָגט אין אַמעריקע, וואָס האָבן געמאַכט געלט אין דער מלחמה, זענען געווען נייע מענטשן, על-פּי-רוב יונגע מענטשן, וואָס האָבן פריער קיין שום ראָל נישט געשפּילט אין דער סוחרישער וועלט. עס איז געווען זייער תקופה, זייער צייט. פאַר זיי האָבן נישט עקזיסטירט קיין שום עטישע געזעצן, בפרט אַז די מלחמה אַליין, לויט איר מהות, וואַרפט אָפּ אַלע עטישע געזעצן. זיי זענען געווען אַן אויסדרוק פון דער מלחמה. זיי זענען געקומען מיט איר, ווי שוואַרצע ראָבן און האָבן זיך געשפּייזט פון איר.

אַ סך ראָוונער יידן זענען געוואָרן אויפגעקומענע מלחמה-סוחרים און דערנאָך — מלחמה-גבירים. זיי זענען אַוועק קיין לעמבערג, האָבן צוגעשטעלט פאַר דער אַרמעע פאַרשיידענע סחורות און האָבן געפירט ברייטע ריווהדיקע געשעפטן. לעמ-בערג איז בכלל געוואָרן אַ צוציענדיקער כישופדיקער קלאַנג

פאַר ראַיונע און ראַוונער ראַיאָן. מען איז געלאָפן קיין לעמ־בערג, פונקט ווי דאָרט וואָלטן זיך געוואַלגערט רענדלעך אין די גאַסן...

קיין לעמבערג איז אויך געלאָפן אַ טייל פון מיינע אָנ־געשטעלטע. דער זאַוואָד איז געשטאַנען, האָט מען געכאַפט אַ ביסל געלט און מען איז געלאָפן קיין לעמבערג מאַכן געשעפט. און מען האָט טאַקע אויך געמאַכט און מען האָט פאַרדינט געלט.

אַן אַרמעע איז אַ קאָלאָסאַלע פאַרברויכערין, אַ ריזעדיקע פרעסערין און טרינקערין. דאָס איז אַן אָפּענער פּיסק, וואָס מאַכט זיך קיינמאָל נישט צו, און וויפל מען זאָל אים נישט שטאָפּן און שפּאַרן, וועט אַלץ זיין ווייניק. דאָס איז אַ נאַקע־טער גוף, וואָס נויטיקט זיך אייביק אין באַקליידונג און באַ־שוכונג. די סוחרים, ליפעראַנטן, מעקלער און פאַבריקאַנטן האָבן געהאַט אַן אידעאַלן קונה...

מלחמה איז לויט איר מהות דעמאָראַליזאַציע. ביי בלוטפאַרגיסונג און צעשטערונג וואַקסט תמיד אויס דידאָזיקע גיפטיקע פרי. פון דערדאָזיקער פרי האָט אויך טועם טעם גע־ווען אַ טייל פון די מלחמה־סוחרים. איך רעד דאָ אָבער נישט פון אַ שווינדלערישן מלחמה־געשעפטל, נאָר פשוט פון פאַר־ברעכנס, פון געמיינע מלחמה־פאַרברעכנס, פאַר וועלכע עס איז גאָר קיין נאָמען נישטאָ. אַן אמת דאַרף מען נישט באַהאַלטן און מען טאָר אים נישט באַהאַלטן. עס איז זייער, זייער שעד־לעך, ווען מען טוט עס. די שעדלעכקייט באַשטייט דערין, וואָס ער שווימט סיי ווי אַרויס פון זיין באַהעלטעניש, אָבער מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג, דאָס הייסט דעמאָלט, ווען מען דאַרף אים שוין נישט און ער מאַכט אַן גרויסע היזקות אין דער מענטשלעכער נשמה...

בעסער, אַז מען אַנטדעקט אים אַליין, איידער מען לאָזט אים אַרויסשווימען פון העלער הויט.

עס איז זיך איצט, צום ביישפּיל, שווער פאָרצושטעלן, אַז אונזערע יידן, און צווישן זיי אויך ראָוונער, זענען נאָכגע־גאַנגען טריט ביי טריט נאָך די קאָזאַקן אָדער אַנדערע מינים זעלנער, וואָס האָבן באַרויבט און באַגזלט די גאַליציאַנער יידן, און האָבן געמאַכט געשעפטן פון די אָנגערויבטע אָדער כּלומרשט רעקווירירטע זאַכן... זיי האָבן פאָרויס אָנגעוויזן וואו און וואָס מען קען נעמען און האָבן געמאַכט צו געלט יענעמס בלוט, ריכטיקער: אַ ברודערס בלוט.

אָט דאָס איז מלחמה און אַזוי שווער האָבן געזינדיקט מענטשן קעגן מענטשן פון איין אומה. אָבער דידאָזיקע שווער־זינדיקע מענטשן האָבן געשטאַמט בלויז פון דער סוחרים־שיכט, וואָס האָט געמסחרט ביי דער אַרמעע.

נאַטירלעך, דאָס געשעפט נישט מיטאַמאָל. פריער ווערט מען מלחמה־סוחרימלעך, נאָכדעם ווערט מען מלחמה־שפּעקולאַנטן און פונדאַנען איז שויז אַ קורצער וועג — צו אָפענער רויב און גזילה...

דאָס רוסישע מיליטער איז געקראָכן ווייטער אין גאַליציע. מען האָט פאַרנומען אַ שטאָט נאָך אַ שטאָט און מען האָט זיך כּסדר באַרימט מיט די נצחונות. עס איז געפאַלן די פעסטונג פון פּשעמישל, די קאַרפּאַטן זענען כּמעט אינגאַנצן באַזעצט געוואָרן פון די רוסן.

מען האָט שוין געשמועסט פון ווין, פון די גרינגע, נאָט־געבעטענע אונגאַרישע טאָלן. ניקאָלאַי האָט מעשה־זיגער באַ־זוכט לוואָוו און נאָכדעם פּשעמישל...

די רעכטע רוסישע צייטונגען האָבן שוין געמאַכט אַ

תכלית פון גאַנץ עסטרייך. דאָסדאָזיקע לאַנד איז צוגערעכנט געוואָרן צו די רוסישע פּראָווינצן.

טאָג-איין, טאָג-אויס האָט מען געטרומייטערט פון די רוסישע נצחונות אויפן עסטרייכישן פראָנט. ניקאָלאַי איז גע-ווען צופרידן. חניפהדיקע גענעראַלן האָבן אים געשילדערט אַ בילד פון אַ נאַפּאָלעאָן-מאַרש...

אמת, דער דייטשישער פראָנט איז נישט געווען קיין זיכע-רער. דאָרט איז מען אַפילו געווען ווייט פון גבורות און נצחונות. אָבער צו דעם איז אויך געווען אַן עצה: מען וועט דייטש-לאַנד שלאָגן דורך עסטרייך.

צווישן די רעדלעך יידן אין ראָוונע, וואָס האָבן אויף דער גאַס טאָג-טעגלעך „סטראַטעגיש" באַהאַנדלט דעם פראָנט, האָט מען אָבער געשמועסט:

„נו, איצט איז שוין אַ סוף צו די נצחונות..."

„פאַרוואָס עפּעס אַ סוף? די רוסן האָבן דאָך גאָר ערשט אָנגעהויבן?"

ס'איז דאָ אַ שלעכטער סימן..."

„דהיינו?"

„ניקאָלאַי איז געווען אין פּשעמישל..."

„נו, איז וואָס?"

„וואָס פאַרשטייט איר נישט? וואו דערדאָזיקער שלימזל שטעלט נאָר אריין זיין פוס, מוז קומען צו אַ מפּלה... אָט וועט איר זען!"

„יאָ, מיט אים גייט טאַקע תמיד דער שלימזל..." האָבן אַלע איינגעשטימט.

אין פרילינג 1915 האָבן אומרואיקע ידיעות אַדורכגע-שניטן די טריומפירנדיקע קולות. מען האָט געשמועסט, אַז דער דייטש האָט אָנגעהייבן אַן אָפּענסיווע אויפן עסטרייכישן פראָנט,

ביי גאָרליצע. פריער ידיעות, נאָכדעם – די געדיכטע דונערן פון שווערע האַרמאַטן...

דער דייטש האָט אַדורכגעבראָכן דעם רוסישן פראָנט אין גאַליציע. עס האָט זיך אָנגעהייבן דער באַרימטער רוסישער צוריקטריט אויף די וועגן פון גאַליציע. די רוסישע אַרמעעך, פאַרטויבט און צעשלאָגן, זענען אַראָפגעשליידערט געוואָרן פון די קאַרפאַטן און זענען משוגענערווייז געלאָפן אין דער גרעסטער פּאַניק, צו דער רוסישער גרענעץ. אין גאַליציע האָט מען איבערגעלאָזט קאָלאָסאַלע לאַגערן פון פּראָוויאַנט, אַמוניציע און הונדערטער טויזנטער געפאַנגענע...

די רעדלעך יידן אין ראָוונע האָבן זיך נישט געקענט באַרואיקן.

„נו, וואָס האָבן מיר פריער געזאָגט?" האָט מען הייס געשמועסט צווישן זיך. „דער שלימזל האָט אַריינגעשטעקט אַ פוס אין גאַליציע, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ וויסטער סוף פון אַלע רוסישע נצחונות".

„יאָ, ער איז שוין איינמאָל אַ שלימזל!"

„אַ שלאַק!"

„אַ צרה!"

„די מפּלות לויפן אים נאָך פוסטריט..."

יידן האָבן זיך גאָר אַזוי נישט געפרייט מיטן דייטשישן נצחון אָדער מיט די רוסישע מפּלות. דער באַקאַנטער יידנפרעסערישער פּובליציסט מענשיקאָוו האָט אַפילו געשריבן אין דער רעאַקציאָנערער און אַנטיסעמיטישער צייטונג „נאָוואָיע וורעמיאַ", אַז לויט דעם פאַרהאַלטן זיך פון די יידן קען מען געניי אָפּשאַצן דעם מצב פון די רוסישע אַרמעען אויפן פראָנט. „גייט מען אין גאַס און מען זעט, אַז יידן פרייען זיך, איז אַ סימן, אַז מ'ר האָבן געליטן אַ מפּלה. זעט מען אָבער יידן

מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, דערשלאָגענע און שווייגנדיקע, איז אַ סימן, אַז מיר האָבן געהאַט אַ נצחון. וואָס גרעסער די יידישע פרייד, אַלץ גרעסער איז די רוסישע מפּלה און וואָס גרעסער די יידישע דערשלאָגנקייט און געפאַלנקייט — אַלץ גרעסער איז דער רוסישער נצחון״.

דאָס איז בלויז אַן אויסערלעכער אמת, דאָס הייסט אַן אמת אָן זיינע סיבות, אָן זיינע ריכטיקע וואָרצלען. אַן אויסערלעכער אמת איז אַלעמאָל ערגער ווי אַ שקר, ווייל ער ברענגט אַ שקר אונטערן שלייער פון אַן אמת. יידן האָבן זיך נישט געקענט פרייען מיט די דייטשישע נצחונות אָדער מיט די רוסישע מפּלות, ווייל ביידע, סיי די נצחונות און סיי די מפּלות, האָבן שווער געטראָטן איבער דעם אויסגעמוטשעטן יידישן גוף. יעדע באַוועגונג פון דער רוסישער, צי פון דער דייטשישער אַרמעע האָט געמאַכט אַ תּל פון יידישע שטעט און שטעטלעך, פון אַלטע יידישע נעסטן.

ווי אַזוי קען מען זיך פרייען? ווי קען מען דאָ לאַכן, טריומפירן?

אַ פריץ האָט אַמאָל געשיקט זיינע פּאַראָבקעס, זיי זאָלן אַרויסוואַרפן דעם אַלטן אַרענדאַר פון זיין הויז. די פּאַראָבקעס האָבן דערפילט דעם רצון פון פריץ. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט דעם אָרעמען יידן מיט זיינע בעבעכעס, מיט זיין ווייב און קינדער אינדרויסן. דער אַרענדאַר איז געבליבן שטיין אַ צעמישטער, אַ מבולבלער, אַן אומבאַהאָלפענער, און האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. אין דעם מאָמענט האָט זיך אָנגעצונדן דעם פריצס הויז. דאָס פייער האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן בנין צוזאַמען מיט די טירן און פענסטער און די מענטשן אין הויז האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסער סכּנה.

דער ערשטער איז קוים מיטן לעבן אַרויסגעשפּרונגען

דורך אַ פלאַמענדיקן פענסטער דעם פריצס פּאַרוואַלטער און האָט גענומען הינקען אויף אַ פוס. דער אַלטער אָרענדאַר האָט זיך הויך צעלאַכט. דער פּאַרוואַלטער האָט זיך אויסגעדרייט און האָט זיך בייז אָנגערופן צו אים:

„מאָשקע, דו פרייסט זיך איצט, דו לאַכסט? ערשט נישט לאַנג האָסטו געוויינט".

„איך פריי מיך?" האָט דער ייד געענטפערט. „ניין, איך פריי מיך נישט. וואָס פאַר אַ הויז עס זאָל נישט ברענען, קען מען זיך נישט פרייען. אָבער איך פיל נאָר, אַז איך דאַרף לאַכן... און עס לאַכט זיך מיר אָן פרייד..."

אמת טאַקע, אויך דאָ האָבן יידן געלאַכט, אָבער זיי האָבן געלאַכט אָן פרייד.

די דייטשישע אָפענסיווע און די אָפּטרעטנדיקע רוסישע חיילות האָבן מיט די שווערע זעלנערישע שטיוול געשטויסן, געשליידערט פאָרויס די יידישע באַפעלקערונג פון די גאָענטע שטעט און שטעטלעך, פונקט ווי שטיינער אין וועג. טויזנטער יידישע לעבנס האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם אונטער די זעלנערישע פיס...

עס איז נישט געווען קיין ריקצוג, נאָר אַ בהלה, אַ צע-מישעניש, אַ קאַשע פון זעלנער. אַ טייל פון זיי איז אַריינ-געלאָפן קיין ראָווגע, פּאַרשטויבט, צעקאַדאַטשעט, האַלב-משוגע... און ווען מען האָט געפרעגט אַ זעלנער:

„נו, וואָס הערט מען, זעמליאַק, ווי גייט עס?"

האָט ער אַ צעמישטער, ווי ער וואָלט נישט געווען ביי די קלאָרע רעיונות, געענטפערט:

אוי-אוי-אוי, „די גאַנצע ערד האָט געשאָסן, געפייערט! דער דייטש האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט... ער האָט געמאַכט מיט דער האַנט און די ערד האָט געשאָסן..."

ראָוונע איז געווען פּאַק און פול פון צוריקלויפנדיקע חיילות, פון קראַנקע און פאַרוואונדעטע זעלנער און פון אומגליקלעכע שבאומגליקלעכע פליטים, וואָס האָבן נישט געהאַט וואו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן. מען מוז ווידעראַמאָל זאָגן אַ ביטערן אמת, נעמלעך, אַז ראָוונער יידן האָבן נישט געשאַפן די געהעריקע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קענען באַזאָרגן די פליטים מיט דעם מינימום הילף, ווי יידן האָבן עס באַוויזן צו טאָן אין אַנדערע שטעט.

די וואָלינער יידן, זאָלן זיי מיר מוחל זיין, זענען בכלל נישט קיין גרויסע בריות אין הלכות אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן נישט די געשיקטקייט פונם ליטווישן יידן, די געהאָרכזאַמקייט פונם פוילישן יידן, דעם מוט אין די דרייסטקייט פון דעם אוקראַינישן יידן. זייער גצזעלשאַפטלעכע אַרבעט איז תמיד אַ שווערע, אַ לאַנגזאַמע, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געצויגן פון קליי.

אויב אַ וואָלינער שטאָט איז שוין יאָ זוכה צו האָבן אַ פּאָר געזעלשאַפטלעכע טוער, שטייען זיי זעלטן אין קאָנטאַקט מיט דער אָרטיקער מאַכט. זיי האָבן קיינמאָל נישט דעם נויטיקן אויטאָריטעט און די נויטיקע וואָג, אַלס יידישע פאָרשטייער, בעת מען דאַרף פאַרטיידיקן פאַר דער מאַכט די יידישע אינטערעסן.

אין זשיטאָמיר איז פריער געווען אַ גובערנאַטאָר מעלניקאָוו. וועגן דערדאָזיקער פרי האָב איך שוין פריער געשריבן. נאָך מעלניקאָוון איז געקומען אַ צווייטער גובערנאַטאָר גאָלאָלאָבאָוו, אויך פון דעם אייגענעם חדר, וואָס דער ערשטער.ביידע זענען געווען מיטגלידער פון „סאָיוז רוסקאָוואָ נאַראָדאַ“ און ביידע האָבן געוואָלט דעם יידן דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער. דאָס זענען געווען שלעכטע, העסלעכע, באַגרענעצטע מענטשן.

גאָט האָט אָבער געהאָלפן און גאָלאָלאָבאָוו איז אויך אַוועק און זיין אָרט האָט פאַרנומען סקאַרזשינסקי, אַ ליבעראַלער מענטש, וואָס האָט, קענטיק, געוואָלט געווינען די יידישע סימפּאַטיעס אין דער צייט פון קריג.

דאָס איז געווען אַ נייצר מענטש און אַ נייער גובער־נאַטאָר אין זשיטאָמיר, און ער האָט אַלץ געוואָרט, אַז די פאָרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט וועלן קומען צו אים מיט אַ וויזיט. עס זענען אָבער אָפּגעלאָפן חדשים און ער האָט אַ יידישן פאָרשטייער נישט אָנגעזען אין די אויגן. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל זיך פאָרשטעלן פאַר אים און אָנבינדן מיט אים אַ קאָנטאַקט לטובת די יידישע אינ־טערעסן.

צולעצט האָט זיך געמאַכט אַ מעשה: עס האָט געדראָט אַ יידן מיט תפיסה און מען האָט געדאַרפט גיין צום גובער־נאַטאָר בעטן פאַר דעם יידן. האָט מען זיך לאַנג געוואַקלט — ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל גיין. פאַר אין ברירה איז געגאַנגען דער ראַבינער פון שטאָט, אַ יונגער אומדערפאַרענער מענטש, וואָס האָט זיך גענומען צו הילף דעם אַלטן ראַבינער, אַ זקן פון אַ יאָר זיבעציק.

ביידע זענען אַוועק צום גובערנאַטאָר. דערזען דידאָזיקע צוויי יידן, האָט דער גובערנאַטאָר געמיינט, אַז דאָס זענען צוויי פאָרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס זענען געקומען זיך פאָרשטעלן. ער האָט זיי באַלד אַריינגע־נומען אין אַ חדר מיוחד, האָט זיי לאַנג געדריקט די האַנט און העפלעך געפרעגט:

„פּאָטשעמו טאַק פּאָזדנאָ?"*)

*) פאַרוואָס עפּעס אַזוי שפּעט?

ביידע יידן האָבן זיך איבערגעקוקט. דער אַלטער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן די באָרד און דער יונגער האָט זיך אָפּגעהוסט און געזאָגט:

„פּאָטאָמוּ טשטאָ דאָ סיך פּאָר ניע בילאָ נאַדאָבנאָסטי...״ *).

דאָס איז געווען זייער אַן אומטאַקטישער ענטפער. דער גובערנאַטאָר האָט זיך באַליידיקט. ער האָט זיי אָנגעקוקט פון אויבן אַראָפּ און קאַלט געזאָגט:

„נו, טיעפּער אוּ מעניאַ ניעט נאַדאָבנאָסטי...״ **).

און איז אַרויס פון צימער, איבערלאָזנדיק זיי אַליין.

מען פאַרשטייט זיך וויניק אין וואָלין אויף געזעלשאַפטלעכקייט, און דער עיקר — מען איז נישט פּעאיק דערצו. און ווען עס מאַכט זיך אַ נויט, אַ צרה, בלייבט מען שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און מען קען זיך קיין עצה נישט געבן.



*) ווייל ביז אַהער האָבן מיר עס נישט געהאַט נויטיק, דאָס מיינט: מיר האָבן ביז אַהער נישט געהאַט נאָך וואָס צו קומען.

**) נו, איצט האָב איך עס נישט נויטיק.

# קאַפּיטל II

די ווײַטערדיקע דײַטשישע אָפּענסיווע. — פּליטים פֿון ווארשע ביז
קיעוו. — די מאַכט פֿאַרשפּרייט פּאַניק. — די פֿונקציע פֿונם
כטאַנאָוואָי פּריסטאַוו פֿאַר דער עוואַקואַציע. — די פּאַניק הייבט
אויף אויף די פּיס. — ייִדן, פּריצים, פּויערים. — די פּרייזן פֿאַר־
בהמות און עופֿות. — די רעדלעך ייִדן אין ראָוונע. — נאַפּאָ־
לעאָן און דער דײַטש. — פּאָנקע וועט מוזן בעטן שלום. — דער
ראָוונער סטראַטעגיקער.—אַ ברייטער איבער־זיכט וועגן דער מלחמה,
צוגעריכט אין צוגעפּאַסט מיט היסטאָרישע השערות. — פּרישע
פּליטים־שטראָמען. — „אַ ביסעלע וואַסער!“ — אַ יונגערמאַן
מיט אַן אויסגעטריקנט בערדל. — ווײַסבערדיקע ייִדן מיט שטעקנס
אין די הענט. — עס ווילט זיך אַנטלויפֿן.

די דײַטשישע אָפּענסיווע איז געפֿירט געוואָרן אין אַן אומגעהערטן ברייטן מאַסשטאַב. די אָפּטרעטנדיקע רוסישע חיילות האָבן נישט באַוויזן אָפּצוציען דעם אָטעם. זיי זענען כסדר באַשאָסן געוואָרן פֿון די פֿלאַנגען, פֿון רוקן, פֿון אויבן, פֿון פֿאָרנט. פֿאָרויס פֿון די אָפּטרעטנדיקע חיילות זענען נישט טויט, נישט לעבעדיק געפֿלויגן די היימלאָזע, די פּליטים, די אַזויגערופֿענע „בעזשענצעס“, מיט פֿאַרשמאַכטע ליפּן און ווײַסע פּנימער, ווי קאַלך...

דעם 15-טן יולי 1915 איז דער גאנצער שאסיי פון ווארשע ביז קיעוו געווען פארדעקט פון פליטים, וואס האבן על-פי-רוב נישט געוואוסט, וואו זיי וועלן זיך אפשטעלן און וואס זיי וועלן טאן אויף דעם ארט, וואו זיי וועלן בלייבן שטיין. מען איז געלאפן מיט ווייבער, מיט קינדער, טיילמאל מיט הולאים, וואס האבן געשעפטשעט, געפלעטשעט פון היץ און געקוקט ארום זיך מיט טרוקענע אויגן פון משוגעים...

דער אומענדלעכער פליטים-שטראם האט זיך געטראגן מיטן כוח פון פאניק.

א קאלטער פחד איז געזעסן אין די בלוטן, אין די מוחות. אבגעריסן פון היימישן באדן, פארטריבן פון די היימישע נעסטן, האבן זיי געמאכט אן איינדרוק פון לעבעדיקע מתים, וואס ליגן נישט אין קבר בלויז דערפאר, ווייל זיי באזיצן נאך די פעאיקייט צו גיין, צו לויפן...

פון א סך שטעט און שטעטלעך האט די מאכט אליין פארטריבן די פרידלעכע באפעלקערונג. אין א סך שטעט און שטעטלעך האט מען אבער געקענט פארבלייבן. קיינער האט נישט געטריבן, און דאך איז מען געלאפן, וואו די אויגן טראגן. די פאניק האט זיי אויפגעהייבן און ארויסגעטירט זיי אויף די סומנע וועגן פון היימלאזיקייט.

די מאכט האט באוואוסטזיניק געזייט די פאניק. זי האט אומעטום געשריען, געפילדערט, אז די דייטשן פייניקן די פרידלעכע באפעלקערונג, אז זיי מאכן א תל פון מענטשלעכע ישובים, אז זיי מעקן אפ גאנצע שטעט פון דער ערד.

עס זענען געווען פאלן, ווען, א שטייגער, דער כטצנאוואי פריסטאוו, וועלכער האט זיך געהאלטן אין עוואקוירן און האט חענדום-פענדום געשטאפט אין די וואליזעס און זעק

זיין האָב און גוטס, האָט געלאָזט ר״פן די באַלעבאַטים פון שטעטל און האָט זיך אָנגערופן צו זיי בזה הלשון:

„הערט איר, יידן, איר זאָלט קיין איין איבעריקע מינוט נישט וואַרטן... נעמט און מאַכט פּיס, וואָרים דער דייטש איז שוין נאָענט... איר זעט דאָך: איך פּאַק מיך אויך...״

פרעגט אַ באַלעבאָס, פּונקט ווי ער וואָלט זיך שואל-עצה זיין מיטן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו:

„נו, וואוהין קען מען לויפן? ס׳איז עפּעס אַזאַ לייכטע זאַך? מילא, איר פּאַקט אייך, איר לויפט, זענט איר דאָך, ערשטנס, אַ פּאָרשטייער פון דער מאַכט, אַן אָפיציעלע פּערזאָן, ווי מען זאָגט, און, צווייטנס, האָט איר טאַקע וואוהין צו לויפן. איר האָט אַ באַשטימטן אָרט. אייער הויז, אייער באַלעבאַטישקייט, וואָס איר האָט דאָ, וועט איר האָבן ערגעץ אַנדערש, און דאָרט וועט איר אויך לעבן נישט ערגער ווי דאָ, און אפשר אויך בעסער... אָבער מיר – וואוהין, אַ שטייגער, קענען מיר לויפן? מיר וועלן דאָך צענישטשעט ווערן, מיר וועלן אונטערגיין.״

מאַכט דער סטאַנאָוואָי אַ ש״עקעדיקע מינע, גאָרנישט ווי זיין שטייגער איז, שטעלט אויס אַ פּאָר גלעזערנע אויגן און זאָגט:

„וואָס רעדט איר? איר ווייסט דען, וואָס איר רעדט? דער דייטש וועט דאָך מאַכן פון אייך אַ תל! ער וועט דאָך אייך אַ גאַנצןביין נישט איבערלאָזן. ער וועט אייך צעשיסן, ווי די מייז... ער וועט פאַרברענען אייער הויז, ער וועט נעמען געפאַנגען אייערע טעכטער...״

ער מאַכט אַ קליינע הפסקה און איז מוסיף:

„איר האָט, אַפּנים, פאַרגעסן, וואָס אין קאַליש איז גע-

ווען... און אין פראַנקרייך... ביי אונז אויפן פראָנט ווייזט ער נישט קיין גרויס אַזעלכע מערדערישע קונצן, ווייל די באַפעלקע־רונג אַנטלויפט באַצייטנס... מען לאָזט אים איבער וויסטע שטעט און דערפער. אָבער אין פראַנקרייך, אין בעלגיע, וואו די באַפעלקערונג איז תחילת באַצייטנס נישט אַנטלאָפן, האָט ער דאָך דערשאָסן און אויפגעהאָנגען הונדערטער טויזנטער מענטשן און פאַרגעוואַלטיקט הונדערטער טויזנטער ווייבער... ווילט איר דאָ פאַרבלייבן, האַ?"

דער סטאַנאָוואָי פּאַקט זיך, ער מאַכט עס שנעל, אין גרויס כאַפּעניש און איילעניש, און די באַלעבאַטים גייען אַוועק מיט צעבראָכענע געמיטער. אין צען מינוט אַרום ווערט אַ טומל אין שטעטל, אַז מען מוז אַנטלויפן וואוהין די אויגן טראָגן, וואָרים דער דייטש וועט חרוב־ומוחרב מאַכן אַלץ און אַלעם. און מען האָט זיך אויפגעהייבן און מען איז געלאָפן.

די יידן זענען געלאָפן פון די שטעט און שטעטלעך, די פויערים פון די דערפער, די פּריצים פון זייערע מאַיאָנטקעס. אויף די וועגן, וואָס פירן קיין ראָוונע, האָט מען זיך נישט געקענט דורכשפּאַרן פון די פּליטים. געדיכטע, טויט־מידע מענטשן־מחנות האָבן געשטויסן איינאַנדער, זענען אומגעפאַלן פון די פיס, געלעגן אין די ראָוון מיט פיצלעך קינדער, מיט זויג־קינדער...

דער פויער, וואָס קען זיך בטבע קיינמאָל נישט שיידן מיט זיין פאַרמעגן, וואָס איז אים אָנגעקומען מיט בלוט און שווייס, האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך זיין ביסל עופות, זיין קו, זיינע חזירים. זיי האָבן אים אָבער געשטערט אין וועג, האָבן אים געבונדן הענט און פיס. ווען מען האַלט אין לויפן, קען מען זיך דאָך נישט פאַרנעמען מיט עופות אָדער קי. ער האָט אָבער געמיינט, אַז ער וועט זיי מאַכן צו געלט אין וועג. עס

װעלן זײַן אַ סך קונים. מען װעט זײ בײ אים „צוצוקערן״ עסן איז דאָך טײַערער פון אַלץ. קײנער האָט אָבער נישט גע- װאָלט עסן. דער אַפּעטיט איז אַנטרונען געװאָרן, װי דורך אַ כּישוף. און קײנער האָט אױך נישט געװאָלט אױסגעבן דעם לעצטן גראָשן אין אַזאַ געפערלעכער צײַט.

און דער פּױער האָט זיך געשלעפּט מיט אױסגעהונגער- טע הינער, מיט אױסגעמוטשעטע קי, מיט אָפּגעצערטע חזירים. אַפילו אין די שטעט, װאָס ער איז פאַרבײַגעגאַנגען, האָט ער נישט געפונען קײן קונים. דער אַפּעטיט איז אױך אין די שטעט פאַרפאַלן געװאָרן. אױך ראָװנע, אַ שטאָט, װאָס קען, אָן עין-הרע, עסן, האָט לגמרי פאַרלאָרן דעם חשק צו דער אכילה...

ס'איז, כּלעבן, כּדאַי צו פאַרצײכענען לדורות די דעמאָל- דיקע פּרײַזן, װאָס קלינגען איצט אַזױ משונה און אומגלױב- לעך: 5 רובל — אַ קו, 10 רובל — אַ פערד, 3 קאָפּיקעס — אַ הון, 7 קאָפּיקעס אַ גאַנז און 20 קאָפּיקעס — אַ דבר-אַחר... עס איז אָבער נישט געװען װער עס זאָל קױפן. דער פּױער האָט זיך געבעטן, ממש געפּאַקן צו די פיס מיט זײַן סחורה, געװאָלט נאָך אַראָפּלאָזן װײַטער פון פּרײַז, אָבער אומזיסט. קײנער האָט נישט געװאָלט קױפן.

דער סוף איז, נאַטירלעך, געװען אַ טרױעריקער: בײַם פּױער האָבן אױסגעפּגרט פון הונגער די קי, די הינער, די חזירים, אָדער ער האָט זײ פאַר כּעס און פאַרצװײפלונג גאָר אַװעקגעװאָרפן אינמיטן װעג... גאָט אין הימל, װען אױף די װעגן האָבן זיך אַרומגעװאַלגערט טױטע קינדער, האָט אַ טױטע הון אָדער אַ צעטראָטענע גאַנז אױך געמעגט ליגן דערבײַ ערגעץ, הגם די לעצטע זענען געשטאַנען אין פּרײַז העכער פון אַ קינד...

די דייטשישע אָפּענסיווע האָט זיך אַלץ מער און מער צעוואַקסן. די רוסישע פעסטונגען זענען איינע נאָך די אַנדערע צעפאַלן, ווי קאָרטן-שטיבלעך. די דייטשן האָבן גענומען וואַרשע. דער איינדרוק איז געווען אַ געוואַלדיקער.

„ווי ווייט וועלן נאָך גיין די דייטשן?“ האָט מען זיך געפרעגט.

די רעדלעך יידן אין ראָוונע האָבן געהאַלטן, אַז די דייטשן וועלן נאָך ווייטער גיין.

„דער דייטש איז, יידעלעך, פון די גייער און נישט פון די שטייער“, האָט מען געשמועסט צווישן זיך, „ער האָט פיינט צו שטיין, ער גייט בעסער... נישקשה, רוסלאַנד איז גרויס. פאַראַן, גאָט צו דאַנקען, וואו צו גיין...“

„ער קען דאָך אָבער האָבן נאַפּאָלעאָנס מפּלה“, האָט עמעץ געזאָגט, אַרויסווייזנדיק זיין בקיאות אין נאַפּאָלעאָנס מלחמות. „ער איז געקראָכן קיין מאָסקווע און האָט זייער טייער באַצאָלט דערפאַר.“

„עט, היינט איז נישט דאָס, וואָס אַמאָל“, האָט מען אים געענטפערט. „היינט זענען דאָ באַנען, אויטאָמאָבילן... דער דייטש האָט אַ טבע, אַז ער באַזאָרגט די קאָמוניקאַציע הינטערן פראָנט... ער גייט נישט סתם אין דער וועלט אַריין... איר זעט דאָך: וואָס ער נעמט, איז גענומען, צוריק גיט ער נישט... דאָס גיט פּאָנקע צוריק, אָבער נישט דער דייטש... פּאָנקע האָט שוין, גאָט צו דאַנקען, אָפּגעגעבן לעמבערג, פּשעמישל, די קאַרפּאַטן... ער האָט זיי איינגעשלונגען און תיכף ומיד זיי טאַקע אויסגעבראָכן צוריק. ער האָט באַקומען, פאַרשטייט איר מיך, אַ גוטן טאַרעבעניץ אין פּלייצע, האָט ער זיי אויסגעבראָכן...“

„איר זעט דאָך אָבער, אַז פּאָנקע וויל נישט קיין שלום", זאָגט אַן אַנדערער. „אַזויפיל מפּלות, אַלע זיינע פעסטונגען גענומען, און פּאָנקע מאַכט זיך גאָרנישט וויסנדיק, גלייך ווי נישט אים מיינט מען... מען קען אים אַזוי שלאָגן יאָרן און יאָרן, און ס'וועט גאָר קיין סוף נישט נעמען. ער האָט אַ געזונטע פּלייצע, און יעדער קלאַפּ ווערט באַלד פאַרהיילט אויף איר..."

אַ ייד מיט אַ שפּיציק בערדל און מיט אַ לאַנגער נאָז, איינער פון די ראָזהינער הויפּט-סטראַטעגיקער, זאָגט אַרויס זיין השערה מיט זייער אַן ערנסטן טאָן, ווי אַ רבי פאַר זיינע תּלמידים:

„הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, איך האָב מורא, אַז פּאָנקע וועט דער ערשטער בעטן שלום... אמת טאַקע, ער האָט אַ געזונטע פּלייצע, אָבער ער האָט אַ קורצן אָטעם... ער וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן. ניקאָלאַיקעס בענקל וועט אומפאַלן און ער וועט נישט האָבן אויף וואָס צו זיצן... דער שוטה איז געקראָכן אין מלחמה אַריין. צו וואָס האָט ער דאָס געדאַרפט? ער וועט דאָך האָבן אַ ווויסטע מפּלה... דער ענגלענדער און דער פראַנצויז וועלן זיך האַלטן, אָבער פּאָנקע וועט זיך אונטערגעבן... ער וועט נישט קענען אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אַמאָל, אַז נאַפּאָלעאָן איז געגאַנגען אויף רוסלאַנד, האָט מען זיך גאָר מיט אים כמעט נישט געשלאָגן. מען האָט אים איבערגעלאָזט ליידיקע שטעט און גרויסע פרעסט... ער איז געגאַנגען אַזוי ווי אין אַ מדבר... אַלע זענען זיך צעלאָפן. ער איז געפרוירן געוואָרן. פון די פליטים האָט פּאָנקע קיין גרויסן שאָדן נישט געהאַט. ס'איז דעמאָלט נישט געווען אַזאַ גרויסע באַפעלקערונג, מען האָט נישט געשטערט דעם שוואַכן פאַרקער. מען איז באַצייטנס אַוועק, שאַ, שטיל, און מען האָט זיך פאַרשטעקט אין די דערפער פון סאַראַטאָוו, סאַמאַר, טאָבאָלסק... נאַפּאָלעאָן

האָט געקענט גיין און גיין, אָבער ס'איז אים נישט ניחא געווען דאָס לעבן. וואָס איז דאָס פאַר אַ מלחמה און ווען וועט זי אויפהערן? ער וועט דאָך נישט פאַרקריכן אַזש קיין סיביר. איז ער געשטאַנען, געשטאַנען אין מאָסקווע און איז אַוועק צוריק אַ דערפרווירענער, אַ פאַרקילטער... היינט זענען אָבער אַנ־דערע ציַיטן. היינט, אַז דער דייטש נעמט צו אַפילו אַ קליין שטעטל, קאָסט עס פרעסטיזש, קאָסט עס כבוד... מען שעמט זיך פאַר די שותפים און מען ווערט ביי זיך אַראָפּגעפאַלן. מען גלויבט שוין גאָרנישט אין די אייגענע כוחות... איר זעט דאָך, וואַרשע איז געפאַלן, גייען אַלע אַרום אָן קעפּ. דער רושם איז אַ שרעקלעכער... אין די מלחמה־טעלעגראַמעס געפינט מען אַפילו נישט קיין פּאַסיקן אויסרייד פאַר דערדאָ־זיקער מפּלה... מען דרייט מיט דער צונג, בע מע, אַזוי, אַפילו אַ קליין קינד פאַרשטייט, אַז די לאַגע איז זייער אַ געפערלעכע... און דעריבער דאַרף מען איינזען, אַז פּאָנקע וועט זיך נישט קענען האַלטן און וועט מוזן בעטן שלום... עס וועט אים אַפילו זייער נישט אָנשטיין די זאַך, אָבער ער וועט עס מוזן טאָן. בפרט נאָך, אַז די מלחמה גיט אים גאָרנישט — מער נישט ווי קדחת, האַרצווייטיק... מילא, פראַנקרייך האָט אין אויג עלזאַס און לאָטאַרינגען, די ענגלענדער ווילן איינ־ברעכן דייטשלאַנדס מאַכט, וואָס האָט זיך געוואַלדיק צעוואַקסן, אָבער וואָס האָט פּאָנקע צו טאַנצן אויף דערדאָזיקער בלוטי־קער התונה?״

אַלע האָבן איינגעשטימט מיט דעמדאָזיקן סטראַטעגיקער פון ראָוונע. דערפון איז אָבער נישט לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה.

„איר זעט נאָר, ווי מען גייט אָן אַ סוף, אָן אַ סוף״, האָט מען זיך אומגעקוקט אויף די שטראָמען פּליטים, וואָס

האָבן אַריינגעפּלייצט אין שטאָט פון אַלע זייטן. פרעמדע, אויס־געבוטשעטע פּנימער, פונקט ווי זיי וואָלטן געגאַנגען פון יענער וועלט...

עס זענען געגאַנגען זקנים, ווייבער, קינדער. מען האָט געטראָגן פּעק, זעק, קעסטלעך, טשעמאָדאַנעס. די פּנימער אויס־געשמירט מיטן גרויען קליי פון שטויב און שווייס. די פּיס אונטערגעבראָכן, אין די אויגן אַ שטומע בקשה פון רחמים...

עפּעס אַ ווייבל מיט צעשויבערטע האר האָט געטראָגן אויף די הענט אַ קליין מיידעלע. דאָס מיידעלע האָט געהאַלטן פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, דאָס מיילכל אָפן. די אויגן, גרויסע, שטייענדיקע, האָבן געקוקט מיט טויטער גלייכגילטיקייט.

דאָס ווייבל איז געגאַנגען מיטן קינד אויף די הענט און האַלב משוגע געשריען:

„אַ ביסעלע וואַסער... אַ ביסעלע וואַסער..."

פאַר די אויגן וואַקסט פּלוצלונג אויס אַ הויכער יונגער־מאַן מיט אַ טונקל־פאַרמעטענעם פּנים, מיט אַ קליין צעטריקנט בערדל, ווי גראָז אין אַ מדבר. ער שעפּטשעט אָן כוחות:

„שוין דריי טעג נישט געגעסן... די געדערעם האָבן זיך מיר איבערגעקערט... איך פאַל אַוועק..."

„יידן, בני רחמנים", שרייען פונדערווייטנס צוויי פעסטע ווייסבערדיקע יידן מיט שטעקנס אין די הענט, „שענקט עפּעס! שענקט עפּעס! לאָזט נישט פאַלן קיין מענטשן! שוין צוויי וואָכן אין וועג! יידן, בני רחמנים!"

„קי־וואַ־אַ, קי־וואַ־אַ־אַ..." רייסט זיך ערגעץ אַן עופעלע און אַ מאַמע שרייט דערביי:

„נאַ, נאַ, ציַ אַרויס פון מיר דעם קליי! נאַ, צי! אוי

גאָטעניו, ווי זויגט מען אַ קינד, אַז איך האָב שוין צוויי טעג אין מיין מויל נישט געהאַט!״

אַ הינקענדיקער בחורל פאָרט אַרויף מיט זיין שווערער הילצערנער קוליע אויפן טראָטואַר. ער קוקט זיך אַרום, עפנט דאָס מויל און נעמט זינגען:

הערט אויס, מענטשן, ווי איך וועל אייך דערציילן
פון דער גרויסער מלחמה אויף דער וועלט...

עס נעמט מיר שווינדלען דער קאָפּ. די פיס חלשן מיר אָפּ. און עס ווילט זיך: אַנטלויפן, אַנטלויפן...



# קאַפּיטל III

דער הויפּטשטאָב אין ראָוונע. — באַלאַגערונגס־צושטאַנד. — צווישן „מען קאָן“ און „מען טאָר ניט“. — ווידעראַמאָל ייִדישע שפּיאָנען. — די לופט ווערט אָנגעפּילט מיט אייטער־גאַז. — וואָס סאָלדאַטן דערציילן פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. — דער ערשטער קרבן. — דער ראָוונער איספּראַווניק. — ווי אַזוי מען רעכנט זיך אָפּ מיט אַ מענטשן, וועלכן מען איז שולדיק געלט. — דער צווייטער קרבן. — דער טרויעריקער סוף. — מען איז ניט זיכער מיטן לעבן. — אַ וויזיט פון קאָמענדאַנט. — ווילדע געשרייען איינגעמישט מיטן רוישן פון סבֿיבֿ. — איך מאַך פּליטה. — אין בערעסטעטשקע. — איינגעזעסענע ייִדן. — צוריק אין ראָוונע. — ווידעראַמאָל פּליטה. — אַ מעשׂה מיטן איספּראַווניק. — ער מיינט משקה. איך מיין סיביר. — שרעק און אָנשטרענגונג.

דער הויפּטשטאָב מיטן גענעראַל איוואַנאָוו*), אַן אויס־געשפּראָכענעם אַנטיסעמיט, בראש איז געשטאַנען אין כעלם. די דײַטש־עסטרײַכישע אָפענסיווע האָט אומדירעקט פאַרטריבן דעם הויפּט־

*) גענעראַל ברוסילאָוו רופט זיך אָפּ אין זײַנע זכרונות זייער שלעכט וועגן איוואַנאָוון. ער האַלט אים פאַר אַ נאַר און פאַר אַ גאַנץ אומפּראַקטישן גענעראַל, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען ניט דורך זײַנע אייגענע פאַרדינסטן, נאָר אַ דאַנק די נצחונות פון די אַנדערע אַרמעע־פירער. ער האָט זיך תמיד צוגעשריבן פרעמדע נצחונות.

שטאַב פון כעלם. אין חודש אויגוסט האָט ער זיך אַריינגע־צווּנגען קיין ראַוונע און באַלד דערויף איז אין שטאָט איינגע־פירט געוואָרן באַלאַגערונגס־צושטאַנד.

אַ הויפּטשטאַב איז אַפילו אַ גרויסער יחוס, אונז האָט אָבער דערדאָזיקער יחוס זייער ווייניק געשמעקט. דאָס אַזוי אויך געגנוג צרהדיקע לעבן איז געוואָרן נאָך צרהדיקער. דער באַלאַ־גערונגס־צושטאַנד האָט יעדן איינעם אָנגעבונדן קייטן אויף די פיס. מען האָט נישט געטאָרט אַרויספאָרן אָדער אַריינפאָרן קיין ראַוונע אָן אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט. אונזער לעבן האָט זיך איצט געוומען צאַפּלען צווישן „מען טאָר" און „מען טאָר נישט".

מיטן הויפּטשטאַב האָבן זיך אויך פאַרשטאַרקט די קלאַנ־גען וועגן „געהיימע דייטשישע אַגענטן", „יידישע שפּיאָנעס", „פאַררעטער פון פאָטערלאַנד". אין דער ענגער דושנער לופט פון באַלאַגערונגס־צושטאַנד האָבן דידאָזיקע קלאַנגען געווירקט ווי אויפרייס־גאַזן. אַ ליאדע מינוט האָט געקענט אויסברעכן אַ מהומה, אַ פּאָגראָם, אַ שחיטה...

סאָלדאַטן מיט ברייטע פּנימער און פאַרריסענע פויערשע נעזלעך האָבן זיך אויסגעטענהט אויף די גאַסן מיט דער נישט יידישער באַפעלקערונג.

„מיר וואָלטן זיך שוין לאַנג „געקפּראַוועט" מיטן דייטש", האָבן זיי זיך באַרימט, „ווען נישט די יידישע שפּיאָנעס... יע־ושעלי מיר האָבן געמוזט אָפּטרעטן, איז דאָס נאָר צוליב זיי. זיי האָבן אַרויסגעגעבן די דייטשן אַלע סודות פון אונזער שטאַב... זיי גייען אַרום מיט טעלעפאָנען אין די בערד און פאַרגנבענען זיך אַלעמאָל הינטער אונזער פראָנט... מיר פלעגן זיי כסדר אַרויסשלעפּן פון די פּאָזיציע־גריבער מיט די

באַהאַלטן אין די בערד... אַזוי ווי מ'פּלעגט מען זיי שלעפּן פון דאָרט...״

„און וואָס האָט איר געטאָן מיט זיי?״

„וואָס האָבן מיר געטאָן? מיר האָבן זיי אויפגעהאָנגען! אַרויסגעשלעפּט זיי פון די גריבער און גלייך אויף דער תליה... מען האָט זיי אפילו נישט געמשפּט...״

„נו, אוודאי, מיט שפּיאָנעס מאַכט מען קורץ דעם עסק״.

„איר פאַרשטייט״, האָבן די סאָלדאַטן איבערגעחזרט מיט גאווה, „גלייך פון די גריבער — און אויף דער תליה...״

אַן אַנדער סאָלדאַט דערציילט:

„מיר האָבן מיר נישט לאַנג געפּאַקט זייער „ראַבין״ מיטן זון... זיי האָבן אַריינגעטעלעפאָנירט קיין דייטשלאַנד... דער „ראַבין״ מיט פּאותן, דער זון מיט פּאותן, אָבער ביידע זענען שפּיאָנעס... נו, האָט מען מיט זיי אויך נישט קיין סך געפּטנהט. מען האָט זיי אויפגעהאָנגען אויפן וועג — איינעם קעגן אַנדערן... און ביידע האָבן זיך אַרומגעוויגט אויפן שטריק מיט די לאַנגע פּאותן...״

די לופט איז כסדר אָנגעפילט געוואָרן מיט שוואַרצע הצעס און שוואַרצע בלבולים אויף יידן.

שוין אין די ערשטע טעג, ווי דער שטאַב האָט זיך אַריינגעצויגן קיין ראָוונע, האָט איוואַנאָוו געפאָדערט פונם ראָווענער איספּראַווניק, אַז יענער זאָל אים צושטעלן אַ רשימה פון די חשובע שטאָט־בעלבתּים, כלל־טוער א. ד. גל., וועלכע מען זאָל קענען צו יעדער צייט אַריינוואַרפן אין תפיסה אַלס ערובניקעס. דער איספּראַווניק האָט צוגעשטעלט אַזאַ רשימה, און די ערשטע קויל האָט געטראָפן אונזער ראָווענער כלל־טוער ה׳ ש. ק.

דער איספראווניק האָט אים גערופן צו זיך און האָט אים געמאָלדן, אַז ער ווערט אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט קיין סיביר אויפן באַפעל פון שטאַב.

ה׳ ק. האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרחידושטע און צוגלייך אויך איבערגעשראָקענע אויגן.

„פאַרוואָס עפּעס פּלוצלונג אַזאַ שטראָף? וואָס פאַר אַ חטא בין איך באַגאַנגען?“

דער איספּראַווניק האָט געזאָגט:

„אַ באַפעל! קעגן דעם איז גאָרנישטאָ וואָס צו מאַכן...“

עס האָבן, נאַטירלעך, נישט געהאָלפן קיין טענות. עס האָט נאָך געקאָסט אַ סך מי און שתדלנות ביז מען האָט אויסגעפועלט, אַז ה׳ ק. זאָל נישט גיין מיטן עטאַפּ קיין סיביר, נאָר ער זאָל פאָרן אויף זיינע הוצאות אין דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט...

ס׳איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין יענע טרויעריקע טעג האָט אונז אַ סך אַרויסגעהאָלפן דער ראָוונער איספּראַווניק, וואָס איז געווען אַ ליבער, קלוגער, געמיטלעכער מענטש. ער האָט געקענט ווייכער מאַכן די גזירות פון שטאַב אָדער אפילו זיי אויסמיידן. ער האָט בכלל געקענט לאַווירן צווישן די בייזע אויפגעהעצטע אָפיצירן פון שטאַב און דער דערשלאָגענער יידישער באַפעלקערונג. און ווען נישט ער, וואָלט ה׳ ק. מסתמא געהאַט אַ סך וועג-חברים אויף די וויסטע טראַקטן פון סיביר...

פונדעסטוועגן איז נאָך ביז היינט נישט קלאָר, פאַרוואָס האָט מען זיך צוערשט גענומען צום ה׳ ק.? פאַרוואָס עפּעס דווקא אים און נישט קיין אַנדערן? פאַראַן אַ יש אומרים, אַז דאָ איז געווען שולדיק דער ראָווינער מאַרשאַלעק, וואָס האָט געוואָלט פטור ווערן פון אַ יידן, וועלכן ער האָט געקומט אַ סך געלט. פאַר אַ בעל-חוב איז עס געווען אַן אויסגעצייכנט

מיטל. ער האָט געפּועלט אין שטאָב, מען זאָל דעם יידן אַרעסטירן און פּרויסשיקן.

אַ צווייטער קרבן איז געווען אַלטער מ., אַ חשובער סוחר, אַ פיינער ייד. זיין חטא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז אַריינגעפאָרן קיין ראָוונע אָן אַ דערלויבעניש. מען האָט אים אַרעסטירט, צוגעמשפּט דריי חדשים תפיסה און נאָכדעם האָט מען אים אַרויסגעשיקט קיין סיביר...

דאָס איז געווען אַזאַ גרויסער אומגעריכטער קלאַפּ פאַר אים, אַז ער האָט אים נישט געקענט אויסהאַלטן און איז אַוועקגעשטאָרבן אין זיין פאַרשיקונג. קלעוואַן איז נישט ווייט פון ראָוונע, און אַלטער מ. איז געווען אַ קלעוואַנער, אָבער דערפאַר, וואָס ער איז אַריין פון איין נאָענטער שטאָט אין אַ צווייטער, האָט ער באַצאָלט מיטן לעבן...

מען האָט געלעבט אין איין ציטערניש, אין איין שרעק. עס האָט געשראָקן דער טאָג און נאָכמער האָט געשראָקן די נאַכט. מען האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין מיט אַ צאַפּלדיק הארץ: דאָס פינסטערניש האָט קיין גוטס נישט צוגעזאָגט... ווער ווייס, צי מען וועט בשלום איבערקומען די נאַכט? ווער ווייס, צי אין די רשימות פון שטאָב איז נישט אַריינגעפאַלן דיין נאָמען? ווער ווייס, וואָס פאַר אַ נייע גזירה עס וואַרט אויף דיר צוגלייך מיטן באַגינען?

מיין ביר-זאַוואָד איז געשטאַנען. אַזוי ווי מען האָט דאָך געמוזט עפּעס טאָן, האָבן מיר פּראָדוצירט סאָדע-וואַסער און לימאָנאַד. אַפילו זייער אַ מאָגער געשעפט, דאָך אָבער האָט עס געגעבן אַ מעגלעכקייט ווי עס איז צו עקזיסטירן, אויב עס קען בכלל זיין אַן עקזיסטענץ אונטער די שטעכעדיקע אויגן פון אַ רוסישן שנאָב...

און דער שטאָב האָט נישט גערוט. אין אַ שיינעם פרי-

מאָרגן פאַלט פּלוצלונג אַריין צו מיר אין זאַוואָד דער קאָמעני־דאַנט פון שטאַב.

„איר אַרבעט לימאָנאַד?" האָט ער געפרעגט.

„מיר אַרבעטן לימאָנאַד".

ער האָט גענומען אַרומשפּאַנען מיט פעסטע טריט איבערן זאַוואָד, ווי אַ מושל. אומעטום האָט ער אַריינגעשטעקט די אויגן, די נאָז און זיך גענומען טשעפּען, ווי אַ המן. איך בין אַפילו געשטאַנען פאַר אים גאָרנישט מעשה גיבור. עס האָבן מיר געציטערט די קני. צוויי קרבנות, גוטע באַקאַנטע מיינע, זענען שוין געווען. אפשר זוכט ער איצט אַ דריטן?

פונדעסטוועגן האָב איך אים געפּרוּווט ענטפערן. טוט ער אַ טופע מיטן פוס, מאַכט דעם ברייטן רוסישן מי שברך און נעמט שרייען, ווי אין אַ וואַלד:

„מאָלטשאַט! מיר קענען אייך, זשידעס! מיר ווייסן ווער איר זענט! איר זענט דייטשישע שפּיאָנעס, דייטשישע אַגענטן! איר אַרבעט פאַר דייטשלאַנד, אַרבעט איר, סוקיני סיני!.. איך וועל דיר ווייזן, ווי אַזוי מיר באַגייען זיך מיט אַזעלכע לייט!.. אין פיר און צוואַנציק שעה ווערסטו ביי מיר אַרויסגעשיקט קיין סיביר! קיין זכר וועט פון דיר דאָ נישט בלייבן!"

ער האָט געשריען, געטופּעט מיט די פיס, נאָכדעם פאַר־חתמעט דעם זאַוואָד און איז אַוועק.

מיר זענען געבליבן שטיין געפּלעפטע, צעמישטע. אָבער אַפילו מיט די צעמישטע רעיונות האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען נישט כתם קיין סטראַשונקעס, אַז זיי קענען זייער לייכט רעאַליזירט ווערן און אַז מען דאַרף וואָס גיכער מאַכן פיס. איך האָב געוואוסט, אַז אַן אָפיציר פון שטאַב איז אפשר אַ שוואַכער בריה אין מלחמה און אַ קנאַפּער ידען אין הכמת הסטראַטעגיע, דערפאַר איז ער אָבער אַ מוראַדיקער העלד,

ווען ער וויל זיך אָפּרעכענען מיט אַן אומשולדיקן פרידלעכן בירגער? דאָ איז ער ממש אומבאַזיגבאַר...

אין עטלעכע מינוט צרום נאָך די גראָבע קולות בין איך שוין געלאָפן מיט אַ וואַליזקע צו דער באַן... איז דאָך טאַקע אַלץ גלייכער, ווען דו פאָרסט אַליין, איידער עמעץ באַגלייט דיך בעת מעשה מיט אַ שווערדל ביי דער זייט...

געקומען אויפן וואָקזאַל, האָב איך נישט געפונען קיין צוג. אַזוי ווי אָבער איך האָב פּאָרט געמוזט מאַכן בליטה, אין די אויערן האָבן מיר נאָך אַלץ געקלונגען, ווי גלעקער, דעם אָפיצירס קולות, האָב איך געכאַפּט אַ פור און בין אַרויס־געפאָרן קיין קלעוואַן.

אין קלעוואַן האָב איך איבערגענעכטיקט, קיינעם, נאַטיר־לעך, נישט פאַרציילט פון מיין צרה, און פאַרטאָג בין איך אָפּגעפאָרן מיטן צוג קיין בערדיטשעוו, דורכפאָרנדיק ראָוונע. איך האָב בעת מעשה געמאַכט אַ מינע פון אַ מענטשן, וואָס פאָרט פון גאָר ווייטע מקומות און איז מיט ראָוונע לגמרי נישט קיין שום מחותן...

צוויי וואָכן בין איך געזעסן אין בערדיטשעוו, און עס איז געווען גוט קאַלעמוטנע אויף דער נשמה. איך בין אָבער נישט געווען דער איינציקער, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אונטער אַ לאַכט פון שווערע פיינלעכע רעיונות. אַלע יידן זענען גע־ווען שרעקלעך אויפגערעגט. די לופט, וואָס איז געווען אָנגע־פילט מיט השד און בלבולים, האָט געוואַלדיק צעשרויפט די נערוון... ס'איז גאָרנישטאָ עפּעס ערגערס, ווי צו לעבן בסדר אין שפּאַנענדיקן השד. דאָס נעמט צו די כוחות, דאָס מאַכט פשוט משוגע.

יעדער מיליטערמאַן האָט אָנגעקוקט אַ יידן מיט אַזעלכע אויגן, ווי ער וואָלט אים געוואָלט פאַרהאַלטן, אַרעסטירן. יע־

דער לעצטער זעלנער האָט זיך אויסגעדריקט וועגן יידן מיט די ערגסטע ווערטער. מען האָט פשוט נישט געקענט אָפּציען דעם אָטעם. מען האָט זיך געעטיקט מיט די רציונות.

אָפּגעזעסן מיין „פרייוויליקן אַרעסט" אין בערדיטשעוו, בין איך אין צוויי וואָכן אַרום אַרויסגעפאָרן קיין ראָזונע. די צרה האָט מען ווי עס איז פאַרלאַטעט. נאַטירלעך, האָט מען פריער גוט אָפּגעשלאָגן די שוועלן ביי דעם, ביי יענעם, אַמאָל מיט ליידיקע הענט, אַמאָל מיט אַ פעטער מטבע...

דאָס איז אָבער נישט גאָר. איך האָב נאָך געדאַרפט לויפן אַ צווייטן מאָל...

דאָס איז אָבער געווען מער פון שרעק, ווי פון לאָגיק. ס'איז פשוט אַ חרפה צו דערציילן, ווי ווייט אַ מענטש האָט זיך אין יענע טעג פאַרלאָרן. איינמאָל פאָר איך אַזוי אין שטאָט, ערשט עס פאָרט מיר אַנטקעגן דער גוטער איספּראַווניק. מיר האָבן זיך באַגריסט. ער האָט מיך געוואָלט אָפּשטעלן, זאָגן אַ פּאָר ווערטער, אָבער איך האָב עס נישט באַמערקט און בין מיר ווייטער געפאָרן.

שפּעטער, ווען איך בין געזעסן אינדערהיים ביים מיטאָג, איז אַריינגעקומען דער „סטאַרשי גאָראָדאָוואָי" מיט דער ברייטער באָרד און רופט זיך אָן הויך און באַפעלעריש:

„גאָספּאָדין פּיסיוק, איספּראַווניק פּריקאַזאַל סייטשאַס יאַוויטסיאַ ק ניעמו" *).

איך דאַרף אייך דאָך נישט דערציילן מסתמא, אַז דערהערנדיק דידאָזיקע ווערטער, איז מיר די נשמה תיכף-ומיד אַריינגעפאַלן אין די פּיעטעס.

אין קאָפּ האָט מיר אַ טאַרעבענק געטאָן דער געדאַנק:

„מען דאַרף אַנטלויפן! אַנטלויפן!"

איך האָב מיך אויפגעהייבן און געמאַכט פּיס אין אַ דערבייאיקן שטעטל... מיין פרוי איז אַוועק צום איספּראַווניק. ער האָט זי אָבער נישט אויפגענומען און געהייסן קומען אינ־אָוונט. דאָס איז אוודאי געווען אַ שלעכטער סימן.

מיין פרוי איז געקומען אינאָוונט. דער איספּראַווניק האָט זי פריינטלעך אויפגענומען, געבעטן זיצן.

„וואו איז אייער מאַן?“ האָט ער זי געפרעגט.

„ער איז נישטאָ אינדערהיים“, האָט מיין פרוי געענטפערט.

„איך האָב דאָך אים היינט געזען אין גאַס“, האָט דער איספּראַווניק זיך געחידושט.

„יאָ, אָבער איצט איז ער נישטאָ“, האָט מיין פרוי גע־זאָגט.

דער איספּראַווניק האָט געשמייכלט.

„אייער מאַן מיינט אוודאי“, האָט ער זיך אין אַ ווײַלע אָנגערופן, „אַז איך האָב אים פאַרבעטן צו זיך, כדי צו שפּילן מיט אים דאָסזעלבע שפּיל, וואָס מיטן ה׳ ק. ער איז זיך אָבער טועה“.

„טאָ צו וואָס האָט איר גערופן מיין מאַן?“ האָט דאָס ווייב מיינס געפרעגט.

דער איספּראַווניק האָט געזאָגט:

„איר מעגט מיר גלויבן: איך בין אייער מאַן אַזאַ גוטער פריינט, אַז איך וואָלט אים זיכער פריער געגעבן צו וויסן, ווען איך וואָלט פאַרגעשטאַנען די סכנה אַרעסטירט צו ווערן... איך וואָלט אים אָנגעזאָגט באַצייטנס און ער וואָלט זיך שוין אַרויסגעדרייט, וואָס הייסט, איך וועל אים לאָזן אין אַזאַ צייט זיצן אין תפיסה אָדער גאָר אַרויסגעשיקט ווערן? מען איז דאָך עפּעס מענטשן, גוטע פריינט?..“

„איך דאַנק אייך זייער און זייער“, האָט מיין ווייב גע־

זאָגט, „אָבער מיר האָבן זיך איבערגעשראָקן און נישט געוואוסט צו וואָס איר רופט אים".

„אַ פּשוטע זאַך", האָט דער איספּראַווניק געלאַכט, „איך האָב געהאַט הויכע געסט צום מיטאָג: דעם גובערנאַטאָר און אַ חשובן גענעראַל, האָב איך געוואָלט, אַז אייער מאַן זאָל מיך באַזאָרגן מיט געטראַנקען: מיט גוטן ווייַן, מיט שנאַפּס, מיט ביר... דאָס איז עס אינגאַנצן..."

אָט אַזוי האָט מען געלעבט: שרעק, שרעק. אין יעדער קלייניקייט האָט מען געזען אַ סכנה, אין יעדער באַוועגונג, אין יעדן וואָרט – אַ רמז, אַז מען דאַרף מאַכן פּליטה. דער קאָפּ, די אויגן, די אויערן זענען געווען אָנגעשטרענגט ביז דער לעצטער מדרגה. מען איז אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ משוגעים-הויז.



# קאפיטל IV

די שטילע עוואַקואַציע. — יידן ווייסן אַלץ. — דער הויפט-שטאָב און דער בית-מדרש. — מיטן גענעראַל אין קימע. — זיין מיינונג וועגן שלום. — די בעלמער חכמים. — מתנות, וואָס ווערן דער-לאַנגט פון שרעק. — דאָס תנכ״ל געבונדן אין זילבער. — די יידישע דעפּוטאַציע. — די לופט פון שטאָב. — מען לאָזט אונז וואַרטן. — גענעראַל איוואַנאָוו. — דעם ראַבינערס דרשה. — „יידן האָבן מסתמא גוט געלייזט“. — אַ טיפע באַליידיקונג, פון וועלכער עס פּאַלט אַריין דאָס גלות אין פּנים. — פיינלעך ביז חלשות.

ראָוונע האָט זיך שטאַרק עוואַקואירט. מען האָט עס אַפילו געמאַכט אַ ביסל בשתיקה, אָבער יידן האָבן אַלץ געוואוסט. אויב די מעשיות וועגן יידישער שפּיאָנערײַ זענען געווען בלויז שקר און פאַנטאַזיע, איז אָבער געווען אַן אמת דאָס, אַז יידן האָבן אַלץ געוואוסט. זיי האָבן תיכף־ומיד אויפגעכאַפּט אַלץ מיטן אויג, מיטן געהער, מיטן אומרואיקן באַוועגלעכן שכל. דעם מצב אויפן פראָנט האָבן זיי תמיד ריכטיק אָפּגע-שאַצט לויט באַרשיידענע, זיי אַליין פאַרשטענדלעכע סימנים. קיינער האָט זיך נישט אַזוי גוט אָריענטירט אין דער מלחמה-סיטואַציע, ווי אַ ייד. אויף דער פראַגע: „נו, ווי איז דער

מצב אויפן פראָנט?" פלעגן טאַקע ריַנכע אָפיצירן ענטפערן:

„גייט פרעגט ביי אַ יידן, וועט איר וויסן וואו מיר האַלטן אין דער וועלט."

אַן אַנדערער פלעגט נאָך צוגעבן:

„דער עיקר — כאַפּט אייַך אַריין אין אַ סינאַגאָגע, וועט איר אַלץ בעסער וויסן ווי אין די באַריכטן פונם הויפּטשטאַב..."

אַ סך קריסטן האָבן טאַקע אַזוי געטאָן, דערהויפּט פריצים פון די פּאַרוואָרפענע מאַיאָנטקעס. זיי פלעגן קומען אויספרעגן דעם יידן, און לויט זיין תשובה זיך אָריענטירט אין דעם מצב פון דער מלחמה.

דער ייד האָט זיך צוגעקוקט צו דעם גאַנג פונם קריג, ווי אַ גוטער זייטיקער שאַכמאַטיסט קוקט זיך צו צו די צוגן פון צוויי שאָכשפּילער.

עפּעטער פלעגט מען מיך פרעגן:

„נו, וואָס שמועסט מען עפּעס ביי אייַך אין די סינאַ-גאָגעס?"

אָדער:

„וואָס זאָגן די יידן וועגן דעם ריקצוג פון גאַליציע?"

אָדער:

„ווי איז זייער מיינונג וועגן דעם מצב אויפן פראָנט?"

אַן אַנדער קריסט האָט אָפּגעשאַצט די לאַגע אויפן פראָנט לויט דער האַנדלונג פון דעם יידן: אויב דער ייד האָט זיך געפּאַקט, האָט עס געדינט פאַר אַ סימן, אַז מען האַלט שמאָל, אַז דער שונא גייט פאָרויס; אויב, ווידער, דער ייד האָט גע-מסחרט, געהאַנדלט, זיך אַרומגעטומלט, ווי שלום-עליכמס מנחם-מענדל, אין די גאַסן, האָט מען דערפון געדרונגען, אַז די לאַגע אויפן פראָנט איז אַ גוטע, אַ זיכערע...

אין יענע אומפארגעסלעכע טעג בין איך איינמאָל גע־פאָרן פון בערדיטשעוו קיין ראָוונע. איך בין געפאָרן אין ערשטן קלאַס. דער צווייטער און דריטער קלאַס זענען געווען איבערגעפאַקט מיט מענטשן. מען איז דאָרט געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. אָבער אויך אין ערשטן קלאַס איז נישט געווען איבעריקס גוט, נישט צוליב ענגשאַפט, חלילה, נאָר דווקא צו־ליב רחבות. אין קופּע איז געזעסן איינאיינציקער מענטש — אַ גענעראַל מיט אַלע מעדאַלן און אָרדענס צעשפּרייט איבער דער גאַנצער ברוסט, און איך האָב געמוזט שטיין אין קאָרי־דאָר און קוקן אין פענסטער...

אין קופּע האָט מען קיינעם נישט אַריינגעלאָזט.

ווען דער גענעראַל איז אויף אַ ווײַלע אַרויס פון קופּע, האָב איך מיר געמאַכט הצרך און האָב אים אַ פרעג געטאָן, צי וועט ער מיר דערלויבן זיך צוצוזעצן אין קופּע. דער גע־נעראַל האָט מיך אָנגעקיקט און האָט גוטמוטיק געזאָגט:

„איר קענט אייך זעצן אין קופּע. איר שטערט מיר נישט.״

אַריין אין קופּע און זיך אַנידערגעזעצט, האָב איך נישט ווילנדיק שווער אָפּגעזיפצט. דער גענעראַל האָט מיך ווידער־אַמאָל אָנגעקוקט.

„נו, וואָס, גאָלובטשיק, פאַרוואָס זיפצט איר אַזוי?״

ווען אַ גענעראַל מיט אַזויפיל אָרדענס וויל שמועסן מיט אַ געוויינלעכן בשר־ודם, דאַרף מען, מיין איך, אונטערהאַלטן דעם שמועס.

זאָג איך:

„אַט, ס׳איז שלעכט... איך האָב מורא, אַז מיר וועלן מוזן פאַרלאָזן די היים, די באַלעבאַטישקייט, די שטאָט... עס ווילט זיך נישט שיידן מיט דעם אַלעם.״

שמייכלט ער, דער גענעראַל:

„ניטשעוואָ, סקאָראָ בודיעט מיר...“ *).

ווער איך שוין זייער דרייסט ביי זיך און פרעג דעם גענעראַל:

„וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, פּונוואַנען איז די ראיה, אַז אינגיכן וועט זיין שלום?“

זאָגט דער גענעראַל גאַנץ ערנסט:

„ווייל קלעווער ווערט טייערער פון טאָג צו טאָג. די יידן האַלטן אין איין קויפן קלעווער. ס׳איז אַן אויסלענדישער אַרטיקל. און אַז די יידן קויפן אים מיט אַזאַ איכפעט, איז אַ סימן, אַז אינגיכן וועט זיין שלום... די יידן זענען זיך קיינמאָל נישט טועה אין אַזעלכע זאַכן... זיי ווייסן אַלץ...“

הגם זיין ברוסט איז געווען פאַרהאָנגען מיט אַזויפיל אָרדענס און מעדאַלן, פונדעסטוועגן איז זיין ראיה מיטן קלעווער געווען אַ גאַנץ מאָגערע ראיה. זי האָט נאָר אַן איבעריקן מאָל באַוויזן די גרויסע אמונה אין דער יידישער אַלץ-ווייסעריי...

איינזעענדיק אין דער איצטיקער עוואַקואַציע, אַז דער שטאַב האָט בדעה זיך אַריבערצופעקלען קיין בערדיטשעוו, האָט די ראָוונער קהילה באַשלאָסן נאָכצוטאָן די כעלמער חכמים. ווען איוואַנאָוו האָט געדאַרפט פאַרלאָזן כעלם, איז צו אים געקומען אַ יידישע דעפּוטאַציע, און האָט אים איבערגעגעבן אַ מתנה פון דער כעלמער יידישער קהילה. דערביי האָט מען געהאַלטן הייסע דרשות מיט חניפות, באַגריסונגען און ווינטשעוואַניעס.

אמת, מען האָט געלעבט אין גרויס אימה און פחד, אָבער איך ווייס נישט, וואָס איז ערגער? צי לעבן אין שרעק,

*) ניעקשה, אינגיכן וועט זיין שלום.

צי דערלאַנגען אַ מתנה מיט חניפות דעמיעניקן, וואָס האָט גורם געווען די שרעק...

די כעלמער חכמים האָבן געטאָןביידע זאַכן: אי זיי האָבן זיך געשראָקן, אי זיי האָבן דערלאַנגט אַ מתנה דעם, וואָס האָט גורם געווען די שרעק. איצט האָט זיי ראָוונע גע־וואָלט נאָכטאָן. מען האָט געמאַכט אַן אַסיפה און ס׳איז באַ־שלאָסן געוואָרן, מען זאָל גיין צו איוואַנאָוון מיט אַ דעפּוטאַציע און מען זאָל אים דערלאַנגען אַ מתנה. קעגן מיין ווילן בין איך אויך אַריינגעפאַלן אין דער דעפּוטאַציע. איך האָב געהאַלטן, אַז וויבאַלד איוואַנאָוו גייט, טאָ זאָל ער טאַקע גיין, און לאָמיר אים מער נישט אָנקוקן אין פּנים. די קהילה האָט אָבער גע־האַלטן, אַז מען מוז זיך מיט דעמדאָזיקן שונא־ישראל געזע־גענען און צוזוואַרפן אים אַ ביינדל...

די מתנה האָט געדאַרפט זיין — דער תנ״ך, וואָס זיין גורל איז שוין אַזאַ, אַז ער מוז אַלעמאָל געשענקט ווערן אַ יידישן שונא...

מען האָט דעם תנ״ך געלאָזט איינבינדן אין זילבער און מען האָט אים באַפּוצט מיט דער באַקאַנטער אויפשריפט:

ברוך אתה בבאך וברוך אתה בצאתך.

איך בין זיכער, אַז יעדער פון אונז האָט געשענקט דעם „ברוך״ צוליב דעם „בצאתיך״.

ווען אַלץ איז שוין געווען פיקס און פאַרטיק, האָט מען געשיקט פרעגן דעם גענעראַל איוואַנאָוו, ווען ער האָט אונז בדעה אויפצונעמען. פון שטאַב איז געקומען אַן ענטפער:

„שבת, 12 אַזייגער, פאַר מיטאָג״.

שבת נאָכן דאַווענען זענען אַלע דעלעגירטע צוזאַמען מיט די רבנים געקומען צו מיר אויף קידוש און נאָכדעם איז

מען אַוועק אין שטאַב. מען קען ניעט זאָגן, אַז מיר זענען געגאַנגען מיט מונטערע טריט, ווי אַ שטייגער, אויף אַ שמחה. עס האָט געעקלט פון דעם גאַנצן ענין, אָבער מען האָט עס געהאַלטן פאַר אַ חוב, פאַר אַ מוז-זאַך, וואָס קען אונז אַמאָל גאַראַנטירן דאָס ביסל מנוחה אין דידאָזיקע אומרואיקע טעג.

אַזוי האָבן אויך געטראַכט די כעלמער חכמים.

געקומען אין שטאַב, האָבן מיר געבעטן איינעם פון די שטאַב-אַדיוטאַנטן, ער זאָל מעלדן וועגן אונז דעם גענעראַל איוואַנאָוו. דער אַדיוטאַנט איז אַוועק מעלדן דעם גענעראַל און מיר האָבן גענומען וואַרטן. די מינוטן האָבן זיך געצויגן, ווי שווערע בלייערנע שעהן. מיר זענען געזעסן און געשוויגן, פונקט ווי מיר וואָלטן זיך געפונען אין אַ תפיסה...

צוויי שווערע שעה האָבן זיך אַוועקגעצויגן, ווי צוויי יאָר. ר׳ שמואליק, אונזער רב, אַ זקן פון העכער זיבעציק יאָר, האָט שיעור געחלשט. מיר האָבן געפילט, אַז דאָס, וואָס מען לאָזט אונז וואַרטן, איז אַן אויסגערעכנטע באַליידיקונג פאַר אונז. מען פאַרגיסט אונז קלייניטשקע טראָפּנלעך בלוט. מען שטעכט אונז אָן מיט אַ דיניטשקער נאָדל...

צולעצט איז אַרויס צו אונז אַ פּולקאָווניק. ער האָט גע-נומען אין דער האַנט אַריין אונזער תנ״כל, אַריינגעקוקט דערין, געבלעטערט, געדרייט אַהער, אַהין, קענטיק, געזוכט, געטישטערט, צי ליגט נישט, חלילה, אין אים אַ באָמבע אָדער אַ טייוולס-מאַשין...

ס׳האָט מיר געפּלאַצט די געדולד, און איך האָב מיך אָנגערופן צום פּולקאָווניק:

„מיר וואַרטן שוין צוויי שעה. נישטאָ מער קיין כוח צו וואַרטן...

אונזער רב איז אַ שוואַכער...״

דער פּאָלקאָווניק האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און איז אַריין אין צווייטן צימער. אין צען מינוט אַרום איז אַרויסגע־קומען צו אונז גענעראַל איוואַנאָוו.

דער ראַבינער, ה׳ וו., האָט צוגעטראָגן די מתנה. ביים גענעראַל האָט זיך נישט געענדערט דער אויסדרוק אויפן פּנים. ער איז געווען קאַלט, אָנגעצויגן, האַרט.

אין אַ מינוט אַרום איז ה׳ וו. אַרויסגעפאָרן מיט זיין דרשה. עס איז אָבער נישט געווען וועך אָדער וואָס עס זאָל אים אונטערוואַרעמען. דעם גענעראַלס פּנים איז געווען פיינט־לעך, די לופט, די ווענט האָבן געשראָקן. ה׳ וו. איז אַראָפּ־געפאַלן פון טאָן, האָט זיך פאַרלאָרן, פאַרשעמט, פאַרגעסן וואָס צו זאָגן און האָט זיך פאַרהאַקט...

ביי אַזעלכע אומשטענדן וואָלט עס געקענט געשען אַפילו מיט אַ גוטן אָראַטאָר. איך האָב באמת רחמנות געהאַט אויפן ראַבינער, וואָס האָט גענומען אויף זיך אַזאַ אומדאַנקבאַרע אַרבעט.

דער גענעראַל האָט געשוויגן. ער האָט נאָר יעדן איינעם דערלאַנגט די האַנט. ווען עס האָט געהאַלטן ביי ל. ב., האָט ער זיך אָנגערופן:

„וויעראָיאַטנאָ, כאָראָשאָ טאָרגאָוואַלי...״ *).

דאָס איז געווען אַ פּיק אין ביין אַריין צוזאַמען מיט אַ טיפער באַליידיקונג.

מיר האָבן, הייסט עס, גוט געלייזט, גוט פאַרדינט, גע־מאַכט גוטע געשעפטן, בעת אויפן פראָנט גיסט זיך בלוט. זיי פאַרטיידיקן אונז פון שונא, זיי שטעלן איין דאָס לעבן אין קאָן, זיי זענען זיך מקריב פאַרן פאָטערלאַנד, און מיר מאַכן

*) איר האָט מסתמא גוט געלייזט.

גאָלדענע געשעפטן און ווערן רייך אויף די טייכן פֿאַרגאָסע־
נעם בלוט, אויף די בערג טויטע גופים.

מיר האָבן געשוויגן. עס איז אונז געווען פיינלעך ביז חלשות. און איך האָב געדאַנקט גאָט, ווען מיר האָבן ענדלעך איבערגעטראָטן די שוועל פון שטאָב און זענען אַרויס אויף דער פרייער לופט.

„אַ שיינער איינפֿאַל פון די כעלמער חכמים", האָב איך מיט פֿאַרביטערונג געטראַכט, „און מיר האָבן זיי נאָכגעטאָן".

איך בין געקומען אַהיים אַ דערשלאָגענער. אַ מידער, אַ באַליידיקטער.



# V

א באַפעל, מען זאָל צושטעלן איוואַנאָוון די שבתדיקע ייִדישע דעלעגאַציע. — עס שמעקט מיט סיביר. — מיר קוקן אויף זיך ווי אויף פאַרמשפּטע. — ווידעראַמאָל אין שטאַב. — גענעראַל מאַיורין. — ייִדן פאַרבאַהאַלטן דאָס קליינגעלט. — מען סטראַשעט אונז מיט סיביר. — „ניע ראַזגאָוואַריוואַט!" — מען שטעלט אונז אַ תנאַי. — אַ געפערלעכע לאַגע. — מען טראָגט דאָס קליינגעלט. — אַ שמועס צווישן ייִדן. — דער שטאַב פאַרלאָזט ראָוונע. — דער איספּראַווניק מוסר'ט אונז. — ער איז גערעכט אין אומגערעכט. — אַלע ווילן זיך אָנלעבן פון דעם אומגליקלעכן ייִדן. — מען נעמט זיך פאַרן וואַנדערשטעקן.

שבת זענען מיר געווען דעלעגאַטן און זענען געקומען צו איוואַנאָוון מיט אַ מתנה, און נישט שפּעטער ווי צומאָרגנס, דאָס הייסט זונטיק אינדערפרי, האָט דער ראָוונער איספּראַווניק באַקומען אַ באַפעל, אַז ער זאָל תיכף-ומיד צושטעלן די גאַנצע דעלעגאַציע אין שטאַב אַריין...

וועגן דעם, אַז ס'איז אויף אונז צלעמען אָנגעפאַלן אַ מורא און פּחד, איז, מיין איך, איבעריק צו שרייבן. עס איז געווען קלאָר, אַז קוים באַדאַרף מען אונז צושטעלן אין שטאַב, הייסט עס, אַז מיר גייען קיין סיביר... דער שטאַב האָט קיינ-

מאָל נישט גערופן אַ יידן אויף שמחות אָדער אויף אַ פאַר־ווײלונג. ער האָט תמיד געהאַט פאַר אים איין וועג – דעם וועג קיין סיביר.

מיין ווייב האָט אַפילו נישט גערעדט, זי האָט אָבער עפּעטער צוגעזיפצט. על־פּי־יושר האָט מען געדאַרפט מאַכן פּליטה, אָבער ווי אַזוי? ס'איז געווען צו שפּעט. איינער פון אונזער דעלעגאַציע האָט אַפילו יאָ געמאַכט פּליטה, האָט ער זיך אָבער פריצר דערוואוסט פון דער צרה. ער האָט נאָך געקענט באַווייזן אַרויסצושפּרינגען פון ראָוונע. מיר אָבער האָבן געמוזט גיין אין שטאַב אריין.

מיר האָבן געקוקט אויף זיך ווי אויף פאַרמשפּטע. איך האָב מיך שוין פאָרגעשטעלט אין תפיסה, צווישן נאַרעס און אַרעסטאַנטן, און נאָכדעם האָב איך מיך געזען צווישן שניי־ען, יורטעס און בוריאַטן אין ווייטן-ווייטן סיביר...

איך וואָלט מיין ערגסטן שונא נישט געוואונטשן, ער זאָל איבערלעבן דאָס, וואָס איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט. איך האָב מיך געפילט אַזוי, ווי מען וואָלט מיר מיט אַ מעסער אָפּגעשניטן דאָס לעבן, דעם מאָרגן, די צוקונפט.

איך האָב געקוקט אויף מיין פרוי, אויף די קינדער און האָב בעת מעשה געטראַכט:

„נו, יאָ, איך גיי קיין סיביר...

אינדערפרי האָבן מיר, די נעכטיקע דעלעגאַטן, הייס גע־דאַוונט, מתפלל געווען צום רבונו־של־עולם, אים געבעטן, ער זאָל אונז באַשיצן און באַשירעמ'ען פון אַלע בייזע שלעכטע מענטשן און פון אַלע שטאַבן און נאָכדעם, נאָכן דאַוונען, האָבן מיר פאַרביסן די ליפּן און אַוועקגעמאַרשירט אין שטאַב. פאַרויס איז געגאַנגען דער איספּראַווניק, וועלכער האָט אַוודאי געפילט, וואָס מיר לעבן איבער אין דעם מאָמענט.

„און אפשר וועט זיך פון דעם גאַנצן עסק גאָרנישט אויסלאָזן", האָט זיך עמעץ פון אונז אָנגערופן.

„מיר גייען דאָך אין שטאַב, היינט וואָס איז דאָ פיל צו רעדן". האָט אַ צווייטער זיך אָנגערופן. „מען דאַרף זיך נישט לייגן קיין פייגעלעך אין מויל..."

די רבנים האָבן געשוויגן.

געקומען, גאָט צו דאַנקען, אין שטאַב, האָט מען אונז ווידעראַמאָל געלאָזט וואַרטן, ווי נעכטן. מען האָט אויסגע־פרואווט אונזער געדולד, אונזערע אויסגעמוטשעטע נערוון. מיר זענען געזעסן ווי אויף הייסע קוילן. אָבער די צייט האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו גיין...

נאָכדעם, ווי מיר האָבן אָפּגעוואַרט אַ פּאָר שעה צייט, איז אַרויסגעקומען צו אונז נישט גענעראַל איוואַנאָוו, ווי מיר האָבן גערעכנט, נאָר גענעראַל מאַורין, וואָס האָט אַוודאי גע־קענט קאָנקורירן מיטן גענעראַל איוואַנאָוו אין יידנפיינטשאַפט... אין שטאַב זענען בכלל געווען ווייניק אָפיצירן, וואָס האָבן געקוקט מיט מענטשלעכע אויגן אויף יידן.

גענעראַל מאַורין האָט פאַנאַנדערגערוקט די פיס, אַרויס־גערוקט די ברוסט און האָט אונז מיט בייזע אויגן אויסגע־מאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ.

נאָכדעם האָט ער זיך האַרב אָנגערופן:

„איך האָב ביז היינט נישט געוואוסט, ווער עס זענען די יידישע פאָרשטייער פון דער שטאָט ראָוונע. איצט זע איך אירע פאָרשטייער און איך מוז אייך זאָגן, אַז איר זענט שונאים פון רוסלאַנד און פון רוסישן נצחון. איר פאַרשאַפט אונז די גרעסטע שוועריקייטן אין קריג, איר פאַראַליזירט אונזער אַרבעט. אָט, אַ שטייגער, האָט איר גענומען און האָט באַגראָבן דאָס קליינגעלט, אַזוי, אַז איר האָט צוגענומען ביים

זעלנער די מעגלעכקייט, ער זאָל זיך עפּעס קענען קויפן אין אַ געוועלבל..."

ער האָט אונדז ווידעראַמאָל אויסגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ, שטייענדיק אויף די פאַנאַנדערגערוקטע פיס, און האָט זיך אָנגערופן נאָך האַרבער, ווי פריער:

„דאָס איז אַ גרויס פאַרברעכן, און איך בין אייך מתרה, אַז אויב איר וועט אין אַ משך פון פיר און צוואַנציק שעה נישט לאָזן אין פאַרקער דאָס קליינגעלט, וואָס איר האָט פאַרגראָבן, וועט איר תיכף־ומיד אַרויסגעשיקט ווערן קיין סיביר. מען וועט זיך מיט אייך נישט צערעמאָניען און איר וועט אַלע ווי איין מענטש פאַרשיקט ווערן אָן שום איינזען און רחמנות."

פון זיינע ווערטער און נאָכמער – פון זיינע שטעכעדיקע בליקן, האָבן אונדז געכאַפּט ציטערן די קני. פונדעסטוועגן האָב איך מיך נישט געקענט איינהאַלטן און האָב מיך אָנגערופן:

איך דערלויב מיר צו זאָגן, אַז ס'איז זייער וויכטיק, אַז די מלוכה־באַנק זאָל אַרויסגעבן איר קליינגעלט..."

דערויף האָב איך דערזען אַ בליץ מיט די אויגן און גלייך נאָכדעם האָב איך דערהערט אַ געשריי פון אַ חיה:

„ניעט ראַזגאָוואַריוואַט!"

מיר האָבן אַלע געשוויגן און אַלע געציטערט. מיר האָבן נאָך אַלץ געוואַרט אויף אַ שלעכטן סוף. פאַר אונדז האָט זיך אָבער איינגעשטעלט דער איספּראַווניק, און מען האָט אונדז אָפּגעלאָזט, אָבער מיט דעם תנאי, אַז דאָס קליינגעלט זאָל צוריק אַרויסשווימען אין פאַרקער.

דאָס איז געווען זייער אַן אויסטערלישער תנאי און מיר האָבן נישט געוואוסט ווי אַזוי אים אויסצופירן. פונוואַנען האָט זיך גענומען די זיכערקייט אין שטאָב, אַז די יידן האָבן באַ־

האַלטן דאָס קליינגעלט? און ווי איז, אַ שטייגער, אַז דאָס קליינגעלט איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון פאַרקער גאָר אויף אַן אַנדער וועג און די יידן זענען נישט שולדיק אין דעם? וואו זאָלן מיר דעמאָלט נעמען קליינגעלט פאַר דער שטאָט?

אין דעמזעלבן טאָג האָבן מיר באַקאַנט געמאַכט אין שטאָט דורך מודעות, אַז אחינו בני ישראל זאָלן זיך אומבאַדינגט פאַרזאַמלען אין דער גרויסער שול. די צרה, וואָס איז געהאָנגען איבער אַלעמענס קעפּ, האָט דעם יידן אויפגעהייבן אויף די פיס. פאַרנאַכט איז געקומען אין שול אַן עולם פון טויזנטער מענטשן. אַ גרויסע מחנה האָט פאַרשטעלט די געסלעך אַרום דער שול. איך האָב געזען ערנסטע פּנימער, פאַרצווייפלטע בליקן.

עס זענען אַרויסגעטרעטן רעדנער, וואָס האָבן פאַרציילט דעם עולם פון דער נעכטיקער דעלעגאַציע מיט דער מתנה, ווי אַזוי איוואַנאָוו האָט זי אויפגענומען און וואָס דער שטאַב האָט היינט געפאָדערט פון אונז. איינער פון די רעדנער האָט געזאָגט:

„די לאַגע איז אַ געפערלעכע. מען פאַרלאַנגט פון אונז, אַז מיר זאָלן שאַפן קליינגעלט אין שטאָט. מיר זענען זיכער, אַז קיינער פון אונז האָט אומישנע נישט אויסבאַהאַלטן דאָס קליינגעלט. אָבער מיר מוזן אומבאַדינגט אויפגעבן דאָס ביסל, וואָס יעדער איינער האָט ביי זיך. מיר מוזן עס שאַפן. איבער אונזערע קעפּ הענגט אַ שווערד אויף אַ דין פעדעמל און מיר מוזן אויסמיידן דידאָזיקע סכנה".

דער עולם האָט זיך זייער ערנסט צוגעהערט צו דידאָזיקע ווערטער.

מען האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן. אין פיר פּונקטן פון שטאָט וועלן זיצן פאַרשטייער מיט גרעסערע מטבעות, פּאַפּיר-

געלט א. ד. גל. ביי זיי וועט מען קענען אויסטוישן דאָס קליינגעלט, וואָס יעדער האָט ביי זיך.

חוצדעם, האָט מען אויך אָנגעווענדט דאָס אַלטע מיטל: די רבנים האָבן אויסגערופן אַ חרם אויף די, וואָס וועלן נישט קומען טוישן דאָס קליינגעלט.

דער חרם איז אפשר געווען אַן איבעריקער. יעדער האָט געבראַכט דאָס ביסל מינצגעלט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. עס האָבן איצט פריילעך געקלונגען די קליינע זילבערנע און קו־פערנע מטבעות. אין די געוועלבער איז מער נישט געווען קיין דוחק אין זיי.

דער איספראַווניק האָט אינפאָרמירט דעם שטאַב, אַז די דעלעגאַטן האָבן דערפילט די פאָדערונג פון גענעראַל מאַווריןן און אַז אין שטאָט איז דאָ גענוג קליינגעלט.

אַזוי־אַרום איז אויסגעמיטן געוואָרן די סכנה פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר.

„און וואָס וועט זיין, אַ שטייגער, ווען מען וועט אין אַ שיינעם פרימאָרגן אָנהייבן פאָדערן פון שטאַב, אַז מיר זאָלן נעמען גיין מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף?" האָט מען זיך געפרעגט. „דער רצון און דער חשק צו פאָדערן איז דאָך ביים שטאַב אַן אומבאַגרענעצטער. היינט וויל ער דאָס און מאָרגן יענץ."

„וועט מען טאַקע מוזן גיין מיטן קאָפּ אַראָפּ", האָט מען זיך געענטפערט.

„און טאָמער וועט מען נישט קענען?"

וועט מען אַריינלייגן אין חרם..."

„מען וועט מוזן קענען."

„הערט איר, יידעלעך", האָט זיך עמעץ געוויצלט, „דער

שטאַב וועט מער גאָרנישט פאָדערן פון אונז: מען האָט אים דאָך געגעבן אַזאַ פיינע מתּנה..."

אַ צווייטער האָט זיך אָנגערופן:

„איוואַנאָוו האָט זיך מייאש געווען און דעריבער איז ער אַזוי בייז. ער האָט געמיינט, אַז מ'צן וועט קומען צו אים מיט אַ צעבער בראָנפן און צום סוף איז מען גאָר געקומען מיט אַ תּנ"ך... צו וואָס דאַרף דער רשע אַ תּנ"ך?"

מען האָט זיך געצוויצלט, כאָטש ס'איז גאָרנישט געווען אַזוי פריילעך אויף דער נשמה. אַזוי איז שוין די טבע פון אַ יידן: ווערט ער נאָר פּטור אויף אַ רגע פון אַ גזירה, קומט אים באַלד אַ וויץ אויף די ליפּן.

עמעץ האָט ערנסט געזאָגט:

„מיר האָבן איצט די ערגסטע טעג אין שטאָט. גאָט היים, ווי אַזוי מיר וועלן זיי איבערקומען."

„פאַרוואָס עפּעס די ערגסטע?"

„ווייל דער שטאַב דאַרף אַרויס פונדאַנען."

„אָט איז ער דאָך אַרויס בשלום פון כעלם?"

„דאָס איז נישט קיין ראַיה. די כעלמער חכמים האָט גראַדע אָפּגעגליקט. אַ חכם איז דאָך אָפּטער אַ בעל-מזל... מיט אונז האַלט עס גאַנץ אַנדערש. יעדע שעה קען עפּעס געשען. מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק. איר זעט דאָך: עס קומט צו אים אַ דעפּוטאַציע מיט אַ מתּנה, ער נעמט זי אויף און צומאָרגנס איז ער אַ בעלן צו פאַרשיקן די דעפּוטאַציע קיין סיביר... מיר וועלן ערשט קענען אָפּציען דעם אָטעם, ווען מיר וועלן זיך דערוויסן, אַז איוואַנאָווס פוס איז שוין נישטאָ אין שטאָט... מיר דאַרפן איבערקומען דידאָזיקע צרה."

די צרה זענען מיר איבערגעקומען אין צוויי טעג אַרום. דינסטיק אינדערפרי האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז איוואַנאָוו

האָט מיט זיין גאַנצער חבריא געמאַכט פּליטה קיין בערדיטשעוו. איך מיין, אַז אַלע ראָוונער יידן האָבן אויפגעהייבן די הענט צום הימל און געזאָגט די ברכה: „ברוך שפּטרנו..."

אונזער איספּראַוווניק, וואָס איז געווען „אַן אייגענער מענטש", האָט אונז אַפילו מכבד געווען מיט אַ פּאַרציע מוסר:

„זעט, וואָס איר זענט: איר נעמט און טראָגט צוועק אַ מתנה דעמדאָזיקן אַכזר, וואָס האָט געלאָזט אויפהענגען אַזוי־פיל אומשולדיקע יידן... געוויס, איך בין אַן איספּראַוווניק און האָב אייך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון דעם. אָבער איר האָט אליין געדאַרפט פילן — וועגן פאַרשטיין רעדט מען שוין נישט — אַז אַזאַ גענעראַל טראָגט מען נישט קיין מתנות... דעם, וועל־כער שלאָגט און פּייניקט, קושט מען נישט די האַנט".

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

„אויב מען זאָל רעדן ערלעך און אָפנהאַרציק, מוז מען מודה זיין, אַז די מתנה קומט מיר... איך האָב אייך אָפּגעהיט פון אַ סך בייז... זיך איינגעשטעלט פאַר אייך אין שטאַב, זיך אויסגעטענהט פאַר אייך מיט איוואַנאָוון... מיינט נישט, אַז ס'איז מיר אַזוי לייכט אָנגעקומען. אין שטאַב קוקט מען זייער שלעכט אויף די יידן, און ווען אַן איספּראַוווניק שטעלט זיך איין פאַר זיי און פאַרטיידיקט זיי, קוקט מען אויך שלעכט אויפן איספּראַווניק... איך האָב אָבער געטאָן וואָס איך האָב געקענט, און די מתנה האָט איר אַוועקגעטראָגן איוואַנאָוון..."

„ס'איז געווען אַ מוז־זאַך", האָבן מיר אים געענטפערט, „מען איז געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן".

דער איספּראַוווניק האָט איינגעווענדט:

„אָבער פון דער מתנה איז ער דאָך נישט בעסער גע־וואָרן. גלויבט מיר, ווען ער וואָלט געדאַרפט אויפהענגען אין ראָוונע אַ הונדערט יידן, וואָלט ער זיי אויפגעהאָנגען אַפילו

דעמאָלט, ווען איר וואָלט אים באַשאָנקען מיט טויזנט מתנות. און טאַקע דעריבער האָט איר דאָס נישט געדאַרפט טאָן. ס'איז נישט מער, ווי אַ פּוסטע חניפה, וואָס גיט גאָרנישט און וואָס פּאַסט נישט פאַרן כבוד פון דער יידישער קהילה..."

אַזוי האָט גערעדט דער איספּראַווניק און ער איז זיכער געווען גערעכט. נישט מער, ער האָט אויך געוואָלט, מען זאָל אים געבן אַ מתנה, אַזוי צו זאָגן, אַ פאַרדינטע מתנה... אָט דאָ איז שוין אונזער ליבער איספּראַווניק נישט געווען גערעכט. ביי אַ מענטשן, וואָס ליידט, טאָר מען גאָרנישט פאָדערן, און מיר האָבן דעמאָלט זייער שטאַרק געליטן. מיר האָבן געליטן אַלס מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דאָס אומגליק צו וואוינען נישט ווייט פון פראָנט און מיר האָבן געליטן אַלס יידן. דער עיקר — אַלס יידן. די איוואַנאָווס, יאַנושקעוויטשעס און הונ-דערטע אַנדערע האָבן אונז פאַרסמט דאָס לעבן.

דער שטאַב איז אַוועק פון ראָוונע, אָבער אונז איז שוין נישט באַשערט געווען אָפּצוציען דעם אָטעם. די דייטשיש-עסט-רייכישע אָפענסיווע האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט און דער פראָנט האָט זיך אַלץ מער דערנענט צו ראָוונע.

די עוואַקואַציע האָט שוין פאַרלאָרן איר „סוד". זי איז דורכגעפירט געוואָרן אויף אַלעמענס אויגן, אַזוי, אַז מען האָט שוין אַפילו אויפגעהערט צו רעדן פון איר.

מען האָט זיך אָבער געפרעגט:

„וואָס טוט מען איצט?"

מען האָט געטראַכט פון וואַנדערשטעקן, פון פּליטים-לעבן, און דאָס זענען געווען שווערע, שווערע רעיונות.



## קאַפּיטל VI

די באַזעלקערונג עוואַקואירט זיך. — מען הייסט אונז אַרויספירן די מאַשינעס פון זאַוואָד. בלויז פראַגן און תשובות. — מיר פּאַקן זיך. — מיר פאָרן קיין ראָמע. — מיין נסיעה קיין זשיטאָמיר. — דאָס בעסטע מיטל איז געלט. — אויפן זשיטאָמירער וואָקזאַל. — דער אומגעלונגענער אָנגריף פון אַ קליינער פאַמיליע. — מענטשן ווערן צוגעוווינט צו דער מלחמה־משוגעת. — אַ פאַרליבט פּאָרל אין דער ענגשאַפט פון המון. — די וואַנט פון פלייצעס ווערט אַדורכגעריבן. — נישטאָ מער קיין שוואַכע און געצערטלטע מענטשן. — דער אָנגריף אויפן צוג. — אין קיעוו. — מען גלייבט שוין נישט אין אַ רוסישן נצחון. — וואָס ערלעכע קריסטן שמועסן צווישן זיך. — עס ברענט דאָס הויז און קיינער באַמערקט נישט די פלאַמען.

די גרעסערע כוחות און פאַבריקאַנטן האָבן זיך ביסלעכווייז אויך גענומען עוואַקואירן. זיי האָבן אַרויסגעשיקט וייערע סחורות קיין קיעוו, כאַרקאָוו, קורסק, פּאָלטאַווע און אַנדערע שטעט. מיט דער שטאָטישער עוואַקואַציע האָט אָנגעפירט דער מאַרשאַלעק.

מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל אַרויסצופירן קיין קורסק אונזערע מאַשינעס, ווי אויך אַלע מאַטעריאַלן, וואָס געפינען זיך אין אונזער זאַוואָד. די שטאָט האָט פּלוצלונג פאַרלאָרן

איר שטענדיקע מראה. די גרעסערע געשעפטן זענען געשלאָסן געוואָרן. מען האָט זיך געפּאַקט. מען האָט געפּאַקט קאַסטנס, פּעסער, זעק...

באַגעגנט מען אַ באַקאַנטן אין גאַס, איז די ערשטע שאלה:

„נו, וואָס, איר פאָרט?"

„און איר?"

„מען קען דען בלייבן אין ראָוונע?"

„איך מיין, אַז מען מוז פאָרן.

„איך מיין אויך אַזוי."

קומט מען אַהיים, הייבט זיך אָן אַ שמועס מיטן ווייב, מיט די קינדער, און דער שמועס ציט זיך ווי פון קליי. דאָס איז אַ שמועס, וואָס קומט פון זאָרג, פון גריזאָטע, פון עגמת-נפש. עס ווילט זיך נישט טוישן דעם אָרט, אַוועקפאָרן, און עס ווילט זיך נישט בלייבן אין ראָוונע. מען ווייס נישט וואָס צו טאָן, וואָס פאָרצונעמען, די הענט פאַלן אַראָפּ.

„נו, וואָס, מיר פאָרן טאַקע?"

„מען קען דען בלייבן אין ראָוונע?"

„מוז מען דאָך טאַקע פאָרן."

„וועט מען טאַקע פאָרן.

אַזוי שמועסן מיר אינדערהיים און דער קאָפּ טראָגט, מען ווערט משוגע פון דאגות.

צולעצט האָבן מיר זיך אויך גענומען פּאַקן. מיר האָבן באַשלאָסן: די קינדער מיט די אייניקלעך בלייבן אין ראָוונע. און איך מיטן ווייב פאָרן אַרויס קיין ראָמען.

מיין פרוי מיטן ייִנגסטן זון איז אַרויסגעפאָרן פריער און איך בין נאָך צוגעפאָרן קיין זשיטאָמיר. איך האָב נאָך געהאַט גוט צו טאָן אַרום מיין באַגאַזש. ס'איז געווען זייער

אַ שווערע נסיעה, און ס'איז מיר נאָך עד־היום אַ חידוש, ווי אַזוי עס זענען נישט צעזעצט געוואָרן די ווענט פון די וואַגאָנעס צוליב דער ענגשאַפט און דער שטיקעניש.

אין זשיטאָמיר האָבן זיך אַלע מלוכה־אינסטיטוציעס געפּאַקט און די באַפעלקערונג איז אויך געשטאַנען אויפן וועג. איך האָב געזען ראָסזעלבע בילד, וואָס אין ראָוונע. מען איז אַרומגעלאָפן צעמישטע און פאַרשמייעטע, און מען האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן חשבון פון דעם, וואָס מען טוט. אַלץ האָט זיך געוואָרפן, געצאַפּלט, געדרייט, ווי אין אַ ווירבל.

איך האָב געהאַט גרויסע שוועריקייטן מיט מיין באַגאַזש. דער וואָקזאַל אין זשיטאָמיר איז געווען פאַרלייגט און פאַרשטעלט פון סחורות. עס איז נישט געווען צו וועמען צו רעדן, וועמען צו בעטן. אַזוי ווי געלט איז אָבער אַלעמאָל, ביי יעדער סיטואַציע, אַ כוח, האָב איך מיך געבראוואוט באַנוצן מיט דעמדאָזיקן כוח, און דעמאָלט האָט מיין באַגאַזש, פּונקט ווי אַ לעבעדיקער זיך אייפגעהייבן פון אָרט און איז אַוועק קיין ראָמען... צי ער וועט אָנקומען בשלום קיין ראָמען, איז אַן אַנדער פראַגע, אָבער אַוועק איז ער.

אַ מענטש ווערט צו אַלץ געוויינט, און מען האָט זיך צוגעוויינט אויך צו דער מלחמה־משוגעת. די מלחמה־משוגעת האָט באַקומען אַ מראה פון נאָרמאַלקייט. עס איז געווען אַ נאָרמאַל־משוגע לעבן. קיינער האָט שוין מער נישט געהאַט קיין טענות צו די־יעניקע, וואָס האָבן אַרויסגערופן די מלחמה. מען האָט שוין פאַרגעסן אין די טענות. מען האָט אין אַלץ פאַרגעסן, און מען האָט זיך בלויז געפּרוואוט צופּאַסן צום ווירבל, זיך דרייען און צאַפּלען מיט אַלעמען צוגלייך און זיך דערהאַלטן ביים לעבן.

דער זשיטאָמירער וואָקזאַל איז „שוואַרץ פון מענטשן".

מיין אויג פאַלט אויף אַ קליינער פאַמיליע: אַן עלטערער ייד, זיין פרוי און צוויי טעכטער. צוערשט שטייען זיי ביי דער טיר מיט וואַליזעס און פעק, נאָכדעם פרואוון זיי גיין ווייטער. מען שטויסט זיך אָן און מען הייבט זיך אָן שטויסן. דער פאָטער פון דער פאַמיליע איז דער אָנגרייפער. מיט וואַליזעס אין די הענט שניידט ער זיך אַריין אין דער וואָקזאַל-מחנה און רוקט זיך פאָרויס. עס האַלט אים נאָך די פרוי, די טעכטער. נאָכדעם בלייבן זיי שטיין פאַר אַ וואַנט פון פלייצעס און זייטן. ווייטער קענען זיי שוין נישט גיין. זיי גיסן זיך אָפּ מיט אַ שווייס, וואָס זיינע טראָפּעלעך בלישטשען אין דעם פאָטערס באָרד. פונדעסטוועגן זענען זיי צופרידן. איך הער ווי דער פאָטער זאָגט:

„נו, אַז מיר וועלן זיך אָנשטרענגען נאָך אַ ביסל, וועט שוין אַלץ זיין גוט... מיר וועלן זיך פאָרט אַרויסרייסן פונ-דאַנען."

די טעכטער ווישן זיך אויס דעם שווייס. ביי איינער איז דאָס היטעלע אַראָפּגערוקט אויף אַ זייט. די צווייטע איז פאַרשטיקט מיט אַן אַקסל צווישן מענטשלעכע זייטן. פּלוצלונג הייבט זיך אָן רוקן אויף צוריק די פלייצעדיקע וואַנט און די קליינע פאַמיליע ווערט צוריק אָפּגעשטויסן צו דער טיר... דערביי פאַרלירט דער פאָטער אַ וואַליזע און איינע פון די טעכטער ווערט צוגעדריקט צו דער וואַנט. דאָס פנים פאַרלויפט איר מיט בלוט, די אויגן שפּאַרן איר אַרויס, זי שרייט:

„איך ווער דערשטיקט, האָט רחמנות..."

אַ יונגערמאַן, וואָס שטייט דערביי, באַפרייט זי פון דער וואַנט און דאָס מיידל פאַרייניקט זיך מיט איר פאַמיליע. אַלע פיר שוויצן און אַלע פיר האָבן שוין, קענטיק, נאָך דער

אומגעלונגענער אטאקע, א ביסל פארלארן די האפענונג זיך אדורכצורייסן דורכן עולם און ארויסצופארן פון זשיטאמיר...

איך קוק אויף זיי און טראכט מיר בעת מעשה: „זיי האבן זיך שוין, משמעות, צוגעוויינט צו דער מלחמה-משוגעת."

נישט ווייט פון מיר שטיקט זיך א יונג פארל אין דער הייסער געדיכטער מענטשנמאסע. עס איז זיי ענג און נישט באקוועם, אבער זיי וואָרקן זיך דורך, פונקט ווי טויבן.

ער זאָגט:

„פארשטייסט, ווען מיר כאפן זיך ארײַן קיין פאָלטאווע, ווערן מיר פאר איין מאָל בטור פון אלע צרות. מיר זענען דעמאָלט געהאָלפענע".

„דער פעטער דײַנער איז א גוטער מענטש?" כרעגט זי.

„זייער א גוטער. און א ייד א גביר".

„און ער וועט נישט האבן קעגן דעם, וואָס איך וועל מיך באזעצן ביי אים?"

„וואָס הייסט? מײַן כלה... דו רעדסט נארישקייטן".

איך שרעק מיך און שעם מיך א ביסל..."

אין דער ענגשאפט דריקט זי זיך צו אים צו, ווי א קעצל, און איך פארשטיי, אז דאָס איז אן אויסדרוק פון דאנקבארקייט.

אין א ווײַלע ארום זאָגט זי:

„דו מיינסט, אז ס'איז מיר לײַכט זיך צו שיידן מיט טאטע-מאמע און איבערצולאָזן זיי אין זשיטאָמיר?"

ער ענטפערט:

„איך מיין דאָס גאָרנישט. אבער דו קענסט זיי דען העלפן?"

„נו, יאָ, אָט דאָס רעדט מען דאָך. אך, ווען איך וואָלט זיי געקענט העלפן! עס וויינט מיר דאָס הארץ אויף זיי..."

ער וואָרקעט שטיל:

„טייערינקע. לאָמיר זיך פריער אַרויסראַטעווען... ס'וועט שוין אַלץ זיין גוט... דער פעטער איז זייער אַ גוטער מענטש..."

„דו האָסט מיך ליב?" פרעגט זי גאָר שטיל, ווי אַ סוד.

„זייער, טייערינקע..." וואָרקעט ער. „ווי דאָס אויג פון קאָפּ... ווי דאָס לעבן... לאָמיר נאָר קומען קיין פּאַלטאַווע".

„וואָס שטויסט איר זיך! אַ רוח אין אייער טאַטן אַריין!"

דערהערט זיך פּלוצלונג אַ ווילדער הייזעריקער געשריי פון אַ מענטשן מיט פּעק, קענטיק, אַ טרעגער. „איך וועל אייך געבן אַ שטויס, וועט איר דערזען דער באָבען פון יענער וועלט!"

„דו קוק נאָר אָן דעם יחסן!" ענטפערט אַ בייזע, גראָב־באַסיקע שטימע. „רעד נאָך אַ ביסל, וועסטו קריגן אין די ציין אַריין!"

דאָראָגוּ דאַי!" שרייט עפּעס אַ הויכער קריסט, וואָס טראָגט אַ היטל מיט אַ קאָקאַרדע.

די פּלייצעדיקע וואַנט גיט זיך אַ רוק פאָרויס און פאַר־כאַפּט מיט זיך דעם הינטערפראָנט — די אַליע מענטשן, וואָס שטייען שטהנלאַנג מיט פּעק און שוויצן פון ענגשאַפט און אַנגסט. איך זע, ווי עס באַוועגט זיך די קליינע פאַמיליע, דאָס פּאָרל. עס דערהערן זיך קולות, געוואַלדן. קיינער קוקט זיך אָבער נישט אום. קיינער הערט זיך אָבער נישט צו צו זיי. מען רייסט זיך פאָרויס. מען רייסט זיך מיט די לעצטע כוחות. די פּלייצעדיקע וואַנט ווערט דורכגעבראָכן. דער המון וואַרפט זיך אַרויס אויפן פּעראָן, וואו עס שטייט אַ לאַנגער צוג, אָנ־געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן. ווען און וואו איז ער אָנגעפּאַקט געוואָרן, איז שווער צו וויסן. דער המון באַפאַלט די וואַגאָנעס און מען פאַרדאָפּלט צענפאַך די אינוויינייקסטע ענגשאַפט. מען קריכט און מען שפּאַרט זיך אַריין אין די וואַגאָנעס דורך די

טירן, דורך די פענסטער. מען שפּאַרט דורך די פענסטער אין די וואַגאָנעס אַריין ווייבער, קינדער, פּונקט ווי טשעמאָדאַנעס, וואַליזעס, פּעק. די געשרייען פאַרהילכן די לופט. די טרעפּ, די וואַגאָן-פּלאַטפאָרמעס, די דעכער ווערן באַלייגט מיט מענטשן. מען שטייט אַפילו אויף די אַרויסגערוקטע שטיקער אייזן און קייטן צווישן די וואַגאָנעס. קיינער טראַכט נישט פון געפאַר, פון צעמאָלט ווערן אונטער די רעדער און מען קלעפּט זיך צו צום צוג, ווי פליגן צו אַ שטיקל צוקער...

ס'איז בײַ מיר גאָר קיין ספק נישט, אַז די קליינע פאַמיליע האָט זיך אויך אַרײַנגעשטויסן און אַרײַנגעשטופּט אין אַ וואַגאָן, אויב נישט דורך דער טיר, איז דורך אַ פענסטער. היינט זענען נישטאָ קיין שוואַכע און קיין איידעלע מענטשן. מען האָט זיך פאַרוואַנדלט אין וואַלד-חיות און מען פירט אַ לעבן פון וואַלד-חיות.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט גענומען פּייפן דער לאָקאָמאָטיוו. די לעצטע מענטשן קלעפּן זיך איילִיק צו צום צוג, הענגען זיך אָן אויף די ווענט פון די וואַגאָנעס. די רעדער נעמען סקריפּען. זיי רירן זיך פויל פון אָרט. דער לאָקאָמאָטיוו איז, קענטיק, אָפּגעשוואַכט. ער האָט נישט קיין כּוח צו שלעפּן אַזאַ געוואַלדיקן המון. ער מוז אים אָבער שלעפּן און ער מאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען. אין אַ פינף מינוט אַרום לויפט ער שוין פריי איבער די גלאַנציקע רעלסן. מיר פאָרן קיין קיעוו...

די מענטשן-בהלה האָט אויך פאַרכאַפּט קיעוו, וואו עס האָט דאָך באַדאַרפט זײַן רואיקער, ווי אין זשיטאָמיר, צי אין ראָוונע. אויך דאָ האָט מען זיך געשראָקן פאַרן דײַטש און מען איז געלאָפן מיט די פּעק צו די וואָקזאַלן. דער פּחד האָט דער עיקר געשטאַמט פון דעם, וואָס מען האָט לגמרי פאַרלאָרן די אמונה אין דער מעגלעכקייט פון אַ רוסישן נצחון.

איצט האָב איך שוין געהערט רעדן נישט בלויז יידן, נאָר אויך קריסטן. זיי האָבן געשמועסט צווישן זיך:

„אונזערע אַרמעען זײַנען צעקלאַפּטע, אונזערע קריגס-פירער זענען אומפּעאיקע מענטשן... מיר גייען צוריק. מען יאָגט אונז כסדר. מען יאָגט אונז, ווי די הינט".

„אין דער אינטענדאַנטור גנבעט מען. עס פעלט אַמוניציע. עס פעלן ביקסן, קוילן... מען שמועסט פון גענעראַלן, פּולקאָווניקעס, וואָס זענען פאַרמישט אין דייטשישן קריגס-שפּיאָנאַזש... אַ שיינע מלחמה פירן מיר!"

דאָס ערשטע מאָל איז מיר איצט אויסגעקומען צו הערן, ווי מען רעדט וועגן דער מלחמה, וועגן די רוסישע מהלות און מען וואַרפט אַרויף די שולד אויף זיך אַליין און נישט אויף די יידן.

„און עס וועט נאָך ווערן ערגער", האָט זיך אָנגערופן אַן עלטערער קריסט. „ביי אונז ענדיקט זיך דאָך אַלץ מיט אַ מהומה, מיט אַ בונט. דער יקרות וואַקסט, די נויט וואַקסט, די אַרבעטער שפּרינגען שוין באַצייטנס פון דער הויט... גאָט ווייס, וואָס עס קען נאָך זיין ביי אונז".

„דאָס ערגסטע איז", האָט אַן אַנדערער געזאָגט, „וואָס מיר ליידן כסדר מפּלות אויפן פראָנט. די מפּלות וועלן אונז אומברענגען. דער טראָן וועט אומפאַלן, פון רוסלאַנד וועט ווערן אַ תל".

אָט אַזוי האָבן געשמועסט ערליכע קריסטן. מען איז געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער צוקונפט פון רוסלאַנד. די מלחמה האָט אינגאַנצן צעטרייסלט די יסודות פון לעבן, און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל מאַכן אַן אָרדענונג און באַזייטיקן באַצייטנס די סיבות פון די קינפטיקע מהומות אין

בונטן, וואָס זייערע קאָנטורן האָבן זיך שוין געלאָזט מערקן אין פיל ערטער פון רוסלאַנד.

„ביי אונז געוועלטיקט נישט דער געזעצלעכער צאַר, נאָר ראַספוטין", האָבן די קריסטן געשמועסט, „און מיר מוזן שווייגן... מען קען שוין אָבער נישט שווייגן. עס פלאַצט די געדולט. מען קען דאָך נישט זיצן און שווייגן אין אַ הויז, וואו עס ברענט דער דאַך און די ווענט...

אין רוסלאַנד האָט טאַקע געברענט דער דאַך און די ווענט. די, וואָס האָבן אָבער געדאַרפט לעשן דאָס פייער, האָבן זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף דער שריפה. און ווען מען האָט זיך יאָ אומגעקוקט, איז שוין דאָס גאַנצע לאַנד געשטאַנען אין פלאַמען...

דעמאָלט אָבער האָט מען שוין דאָס פייער נישט געקענט מער לעשן.



# קאפיטל VII

פון קיעוו קיין ראָמען. — א שטאָט, וואָס ווייס נישט דעם טעם פון מלחמה.—מיר גייען צרום מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן.— די זאַטע ראָמנער באַלעבאַטים אין די אומגליקלעכע פליטים.— ביים אָנדינגען א צימער־ל. — א באַלעבאָסטע, וואָס זאָגט אַלץ „נישט״. — איך דערציי֑ל איר אַ מעשה מיט אייזיק־מאיר דיקן.— מען שינדט די הויט אַפילו פון דעם הימלאָזן. — דער רייכער ראָמנער באַלעבאָס וו. — מענטשן אָן הערצער. — יאה ענוותא לישראל. — די ווערענדע און די הון. — איינער קצבינס ענטפער.—מען קען זיך אויסרוען אין ראָמען.—די נייע פליטים.— מען לויפט פון אַלע זייטן. — ראָווגע האַלט זיך אַלץ. — פחד אין טויט. די מלחמה־ביאים. — די אינטעליגענטע פליטים־סטראַטעגן. — די שוואַכקייט פון עסטרייך. — מען זעט פאָרויס ניקאָלאיס סוף.

פון קיעוו בין איך אַריינגעפאָרן קיין ראָמען, וואוהין עס איז עוואַקואירט געוואָרן די רעאַלשולע און מאַנכע מלוכה־אינסטיטוציעס פון ראָוונע. מיין פרוי האָט מיך שוין דאָ אָפּגעוואַרט.

ראָמען האָט מיך באַלד איבערראַשט מיט איר שטייגער לעבן, מיט איר זאַטקייט און מנוחה. דידאָזיקע שטאָט האָט נאָך אינגאַנצן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון מלחמה. מען האָט

געפירט גרויסע געשעפטן, מען האָט געהאַנדלט, געמכּרט מיט אַזאַ רואיקייט, פּונקט ווי עס וואָלט נישט עקזיסטירט קיין דייטשישע אָפענסיווע. קיינער האָט דאָ נישט געהאַט קיין אָנגעשפּאַנטע נערוון. קיינער האָט דאָ נישט געוואוסט פון אַ שטאַב, פון אַן איוואַקואַציע, פון רעקוויזיציעס, פון דייטשישע באָמבעס, וואָס פאַלן פון אַעראָפּלאַנען, פון נעמען דעם שטעקן אין האַנט אַריין און אַוועקשפּאַנען איבער די דערנערוועגן פון די פּליטים.

מען האָט דאָ אויך נישט געוואוסט פון מלחמה-יקרות. אַלץ איז דאָ געווען ביליק, צוגענגלעך. עס איז געווען אַ שפע פון שפּייזפּראָדוקטן, און מיר האָבן זיך די ערשטע צייט געשפּירט אַזוי, ווי מיר וואָלטן אַריינגעפאָרן אין אַ רייך לאַנד, וואָס פירט נישט קיין מלחמות...

אַ גליקלעכע שטאָט, גליקלעכע מענטשן. מער נישט, די פּליטים דאָקוטשען אַ ביסל. לעצטנס האָבן זיי אָנגעהייבן צו שטראָמען אַהער פון ליטע און פון פּוילן. פאַרשמאַכטע און אויסגעמוטשעטע, האָבן זיי אָנגעפילט מיט זיך די רואיקע גאַסן פון ראָמען.

די זאַטע ראָמנער באַלעבאַטים האָבן זיך התחלת נישט געוואָלט אומקוקן אויף זיי. מען האָט זיי אפילו נישט געוואָלט פאַרדינגען קיין צימערן. און עס איז טאַקע געווען אַן עוולה און אַ גראָבקייט מצד די פּליטים — צו קומען און באַאומרואיקן אַ רואיקע זאַטע שטאָט, וואָס ווייס נישט פון בלוטיקע מלחמות. מען האָט די פּליטים געקענט באַשולדיקן אויך אין אַנדערע זאַכן, דהיינו, אין מרה-שחורה, אומעט, דלות, מהלות און הייבן די פּרייזן אויף די שפּייזפּראָדוקטן. און מען האָט זיי טאַקע מיט רעכט פיינט געהאַט און אינגערגצן נישט געוואָלט אַריינלאָזן.

האָבן זיך אָבער פלוצלונג פאַרשפרייט קלאַנגען אין שטאָט, אַז די מאַכט איז זיך מכין צו רעקווירירן די פרייע צימערן ביי דער באַפעלקערונג, און די באַלעבאַטים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז אפשר טאַקע גלייכער צו פאַרדינגען דעם היימלאָזן אַ ליידיקן צימער און נעמען פאַר אים אַ גוטן פרייז, איידער ער זאָל רעקווירירט ווערן און מען זאָל נאָך האָבן „נאַטשאַלסטוואָ" פאַר אַ שכן.

די ראָמנער יידן זענען בטבע זייער פּראַקטישע יידן, און זייערער אַ חשבון האָט זיך תמיד געשטיצט אויף געזונטער לאָגיק און פאַרשטאַנד. יעדער איינער מוז דאָך מודה זיין, אַז זיי האָבן געהאַנדלט קלוג און ניכטער. עס איז דאָך קלאָר: רעקווירירט מען נישט קיין צימערן, מעגן גיין די פליטים דאָרט אַהין, פונוואַנען זיי זענען געקומען און מען טאָר זיי אויף דער שוועל נישט אַריבערלאָזן; רעקווירירט מען, ליידער, יאָ צימערן, דאַרף מען די פליטים אַרויפלאָזן אויף דער שוועל, אָבער מען דאַרף נעמען אַ גוטן פרייז פאַר אַ צימער.

אַזוי ווי איך האָב אָנגעהערט צו דעם נישט גליקלעכן לאַגער פון די פליטים, האָב איך, נאַטירלעך, געמוזט זוכן אַ צימער. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב לאַנג געזוכט און צולעצט געפונען אַ קליין צימערל ביי דעם רייכן יידן א., וואָס האָט געוואוינט אין אַ שיין הויז מיט אַ וועראַנדע און אַ גאָרטן.

ווייזט מיר די באַלעבאָסטע דאָס צימערל און בעת מעשה נעמט זי מיט מיר אויס אַ תנאַי:

„דורך דער פראָנטטיר נישט גיין, אין גאָרטן נישט אַריינשמעקן, אויף דער וועראַנדע נישט זיצן..."

איך הער כסדר דאָס וואָרט נישט, שטאַרק אונטערגע-

שטראָכן, און איך קען נישט זאָגן, אַז דאָסדאָזיקע וואָרט זאָל מיר קלינגען, ווי מוזיק.

פרעג איך דער באַלעבאָסטע:

„וויפל ווילט איר פאַרן צימער?"

ענטפערט זי גאַנץ געמיטלעך:

„הונדערט פינף און צוואנציק רובל אַ חודש."

הינדערט פינף און צוואנציק רובל אַ חודש מיט די אַלץ „נישטן"! איך האָב מיך צעלאַכט און האָב איר דערציילט אַ מעשה, וואָס האָט פּאַסירט מיט אייזיק-מאיר דיקן (אָדער מיט זיינעם אַ העלד).

אייזיק-מאיר דיק איז אַמאָל געפאָרן מיט אַ בעל-עגלה פון ווילנע קיין לידע. עס איז געווען ווינטער, דער פראָסט האָט געבּרענט און אייזיק-מאיר איז דערפרוירן געוואָרן. גאָט האָט אָבער געהאָלפן און דער בעל-עגלה האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ קליינער קרעטשמע.

קריכט אייזיק-מאיר אַרויס פון שליטן און גייט אַריין, אַ דערפרוירענער, אין קרעטשמע. אַראָפּגענומען פון זיך דאָס קאַלטע פוטערל און אויסגעטרייסלט פון דער באָרד די שטיק-לעך אייז, האָט אייזיק-מאיר געבעטן אַ גלעזל משקה און צו-בייסן. דערלאַנגט אים דער קרעטשמער אַ גלעזעלע זייער שוואַכע משקה, אַ שטיקל שוואַרץ ברויט און אַ זויערע או-גערקע. אונטערגעלענט עטוואָס דאָס האַרץ און זיך אָנגעוואַ-רעמט, טוט אָן אייזיק-מאיר זיין מאָגער פוטערל און פרעגט דעם קרעטשמער:

„וואָס צאָל איך אייך פאַר דער משקה מיטן צובייסן?"

רעכנט אויס דער קרעטשמער אויף די פינגער, וואָס ער האָט אים דערלאַנגט און זאָגט:

„צוואנציק קאָפּיקעס".

הידושט זיך אייזיק-מאיר:

„צוואנציק קאָפּיקעס? וואָס רעדט איר? אייער משקה איז בלויז וואַסער, דאָס ברויט איז אַלטגעבאַקן און די אוגערקעס איז אַ צעפוילטע. מען האָט זי גאָרנישט געקענט עסן".

צעשרייט זיך דער קרעטשמער:

„אָט דאָס האָט מען פון די אורחים, וואָס ווילן אַלץ אומזיסט. ווייסט איר דען נישט, אַז בראָנפן קאָסט אַקציז, אַז ברויט וואַקסט נישט ווינטער און אַז אוגערקעס זענען ביי אונז מיט גאָלד צוגלייך?"

פאַרקנעפּלט אייזיק-מאיר דאָס פּיטערל זיינס, באַצאָלט צוואנציק קאָפּיקעס און רופט זיך אָן:

„אויב אוגערקעס זענען ביי אייך מיט גאָלד צוגלייך, זאָגט איר, טאָ ווינטש איך אייך פון גאַנצן האַרצן, אַז איבער-אַיאָר זאָלן דאָ, אויף דעם אָרט פון אייער קרעטשמע, וואַקסן גאָלע אוגערקעס..."

איך ווייס נישט, צי מיין מעשה מיט אייזיק-מאירן האָט שטאַרק געשמעקט דער באַלעבאָסטע פונם קליינעם צימערל, וואָס איז געווען אָרומגעצוימט מיט אַ פאַרקאָן פון „נישטן" און וואָס האָט געדאַרפט קאָסטן הונדערט פינף און צוואנציק רובל אַ חודש, אָבער איך בין מיך מודה, אַז איך האָב דער באַלע-באָסטע אויך פון גאַנצן האַרצן געוואונטשן, אַז איבעראַיאָר זאָלן דאָ, אויף דעם אָרט, וואַקסן אוגערקעס. האָט דאָך ראָמען ליב אוגערקעס...

איך האָב דאָך געפונען אַ צימער ביי וו., דעם גביר פון שטאָט. דאָס איז געווען אַ הויכער ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, אַ ליבאַוויטשער חסיד, וואָס האָט ליב געהאַט צו דאַוונען פאַרן עמוד, ווייזן הזנישע שטיק, און טאַקע צוליב דעם האָט ער ביי זיך אין הויז איינגעפירט אַ מנין. אַ ייד אַ זקן, וואָס

האָט שוין חתונה געמאַכט אַלע קינדער, איז ער געזעסן מיט זיין זקנה אין זעקס צימערן און זיך געעלטערט אין גרויס רחבות.

אויף אַ היימלאָזן, וואָס די מלחמה האָט אים, ווי אַ שטרויעלע, פאַרוואָרפן קיין ראָמען, האָבן ביידע אַלטע לייט געקוקט מיט פאַראַכטונג, ווי אויף אַ בעטלער, אַ שנאָרער, מיט וועלכן מען דאַרף זיך נישט רעכענען. אַ היימלאָזער איז דען אויך אַ מענטש?

ביידע אַלטע לייט האָבן געלעבט, ווי שטיינער. אין זייערע אַלטע זאַטע הערצער איז שוין לאַנג אָפּגעשטאָרבן דאָס געפיל פון מיטלייד. יענעמס נויט האָט זיי לגמרי נישט גע־רירט.

מיין באַגאַזש איז נאָך אַלץ נישט אָנגעקומען. מיר האָבן נישט געהאַט קיין בעטגעוואַנד, קיין קישנס, קיין קאָלדרעס און עס איז געווען גרויסע צרות מיטן שלאָפן. די זקנים איז עס נישט אָנגעגאַנגען. שלאָפט יאָ, שלאָפט נישט — ס׳איז נישט זייער זאַך. זייער קעכין איז עס אָבער יאָ אָנגעגאַנגען און זי האָט אונז אויסגעבאָרגט קישנס, מסתמא פון איר אָרעמען אויס־שטייער...

די זאַך איז שוין פון לאַנג איבערגעלעבט געוואָרן, און מען האָט זי געמעגט פאַרגעסן. איך קען זי אָבער נישט פאַר־געסן. דאָס אַלטע פאָר, וואָס האָט זיך געשלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט אין זעקס גרויסע צימערן, האָט זיך נישט פאַרגונען אויס־צובאָרגן אַ קישן אַן עלענטן היימלאָזן, וואָס איז זיכער ביי זיך אינדערהיים געווען אַזאַ יחסן און אַזאַ שיינער ייד, ווי זיי. אין דעמדאָזיקן גרויסן רייכן הויז האָט בלויז איין מענטש פאַרמאָגט אַ וואַרעם האַרץ — די אָ ר ע מ ע ק ע כ י ן...

דער אַלטער וו. איז געווען, ווי איך האָב מיך שפּעטער

דערוואוסט, אַן אויפגעקומענער גביר. אַמאָל, ווען ער איז נאָך נישט אויפגעקומען, ווען זיינע קאַפּיטאַלן זענען געווען גאַנץ באַשיידענע, איז ער, דערציילט מען, געווען אַ ליבער גוטער מענטש. אַ הייסער רירעוודיקער חסיד, פלעגט ער אין יענע יאָרן עפּטער פּראַווען חסידישע סעודהלעך ביי זיך אין שטוב. עס פלעגן זיך צונויפקומען הסידים, מען פלעגט מאַכן דעם שיינעם לחיים און מען פלעגט זינגען און האָפּקען, אַז ס'איז געווען אַ נחת צו קוקן.

רעדנדיק מיט אַ ראָמנער יידן וועגן וו., האָט מיר יענער געזאָגט:

„הערט איר, יאה עניותא לישראל — ס'איז אַ גאָלדן ווערטל, אַ טייער ווערטל!.. דער שיינער ייד שיינט נאָר אַרויס אין אָרעמקייט, אין דלות. אין עשירות ווערט די שיינקייט פאַרברענט... ווען וו. איז געווען אָרעם, איז ער געווען אַ גוטער ברודער, אַ נאַש בראַט, אַ פריילעכער ייד, אַ חסידישער זינגער און אַ חסידישער טענצער. זינט אָבער ער איז געוואָרן אַן עושר, האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעטאָן פון אים די שכינה. ער איז געוואָרן אַ האַרטער שווערער מענטש, אַ מענטש אָן אַ הארץ, און קיינער גייט צו אים נישט און קיינער וויל אים נישט קענען. מען מיידט אים אויס".

דער ראָמנער ייד איז אוודאי געווען גערעכט.

אַזוי ווי דאָס הויז האָט געהאַט אַ שיינע גערעקטע וועראַנדע, וואָס האָט תמיד געפּוסטעוועט (האָבן דאָך די צוויי זקנים נישט געקענט אויספילן מיט זיך אַלע זעקס צימערן מיט דער וועראַנדע), פלעג איך מיך טיילמאָל אַריינכאַפּן אַהין מיט אַ צייטונג אָדער מיט אַ ספר. אין דער וועראַנדע-שטילקייט איז געווען אָנגענעם צו לייענען, אַריינצודרינגען מיטן רעיון אין די קליינטשקע אותיותלעך פון אַ גוטן בוך.

איינמאָל אָבער האָט מיך די אַלטע געפּאַקט, ווי איך זיך מיר אַזוי בהרחבהדיק אין דער געדעקטער וועראַנדע מיט אַ בוך אין דער האַנט. האָט זי אויסגעשטעלט אַ פּאָר אַלטע בייזע אויגן און זיך אָנגערופן מיט אַלטן גאַל:

„איר זענט דאָך בעזשענצעס, און איך האָב אייך די וועראַנדע נישט פּאַרדונגען...“

איך האָב איר געוואָלט ענטפערן, אָבער איך האָב בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, זיך אויפגעהייבן און אַרויס־געגאַנגען.

אַ צווייט מאָל, ווען זי האָט געזען, ווי מען קאָכט אונז אַ הון צום מיטאָג, האָט זי אונז ווידעראַמאָל צוגעוואָרפן מיט אַלטן גאַל:

„זעט, בעזשענצעס עסן נאָך הינער...“

אונזער קעכין, וואָס איז געקומען מיט אונז פון ראָוונע, האָט איר דעמאָלט גוט געענטפערט:

„די סטרוזשעס ביי אונז אינדערהיים זענען שענער פון אייערע באַלעבאַטים.“

סוכּות, ווען די וועראַנדע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ סוכּה, האָט אונז דאָס אַלטע פּאָר דערלויבט דאָרט צו עסן. איך האָב מיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דעמדאָזיקן כּבוד. ס'איז גאָרנישט געווען אַזאַ תּענוג צו זיצן מיט זיי ביי איין טיש, אין איין סוכּה.

פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך אין ראָמען אויסגערוט, געקומען אַ ביסל צו די כּוחות און דער עיקר — אַרויסגע־וואָרפן פון זכּרון, ווי ווייט מעגלעך, די פראָנט־פּחדים, די דייטשישע אָפּענסיווע, די כּסדרדיקע באַקאַנטמאַכונגען און שטרענגע אזהרות פון איוואַנאָווס שטאַב, די רעקוויזיציעס און

שטראַשונקעס מיט תפיסה און סיביר אין דאָס אומאויסהערלעכע
זויפעניש און פליעניש פון די אומגליקלעכע פליטים...

ראָמען איז אינגאַנצן געשטאַנען מחוץ מלחמה־וואולקאַן.
די שטאָט איז נישט אַדורכגעדרונגען געוואָרן מיט דער מלחמה־
פסיכאָלאָגיע און מלחמה־אַנגסט, און דאָס אַליין האָט שוין באַ־
רואיקט. די נאַכט איז דיינע, דער טאָג איז דיינער. קיינער
שרעקט דיך נישט, קיינער טרעט דיך נישט מיטן מלחמה־
שטיוול און קיינער זאָגט נישט איבער דיר קיין דעה. מיר
זענען געזעסן און, אַזוי צו זאָגן, איבערגעוואַרט די שווערע
צייט. אונזערע הערצער האָבן, נאַטירלעך, געבענקט נאָך ראָוונע...

יום־כפור האָבן די דייטשן פאַרנומען ווילנע.

אין ראָמען איז מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן אַ גרויסער
שטראָם פליטים פון די ווילנער מקומות. מען איז געקומען
מיט פינסטערע פנימער, מיט בעבעכעס, מיט פיצלעך קינדער
אויף די הענט... איך האָב דערזען באַקאַנטע בילדער, און דאָס
האַרץ האָט זיך מיר פונדאָסניי צונויפגעדריקט.

הונדערטער פליטים האָט מען אַוועקגעפירט אין הכנסת־
אורחים, וואו מען האָט זיי געגעבן צו עסן. ביינאַכט האָט
מען זיי געלייגט שלאָפן אין די ווייבערשע אָפטיילונגען פון
די ראָמנער בתי־מדרשים.

זיי האָבן פאַרציילט שרעקלעכע זאַכן. סמאָרגאָן איז אָפּ־
געמעקט געוואָרן פון דער ערד, מאָלאָדעטשנע איז אַוועק מיטן
פייער. טויזנטער יידן זענען פאַראומגליקט געוואָרן און זענען
אַוועק אין גלות מיטן שטעקן אין דער האַנט. עס איז געוואָרן
אַ תל פון יידישע קהילות און יידישער איינגעפונדעוועטקייט.

אַנדערע רייכע יידן פון ווילנע און פון אַנדערע ערטער
זענען אָנגעקומען קיין ראָמען מיט דער פור. מען האָט זיך
געשלעפּט מיט פערד אַ מהלך רב, ווייל מען האָט זיך בשום

אופן נישט געקענט ארייננאפן אין די איבערגעפּאַקטע צוגן. זיי זענען געווען אויסגעמוטשעט, דערשלאָגן און זענען גע־גאַנגען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ. נאָך, איך האָב פאַרשטאַנען זייערע רעיונות, זייערע געמיטער!

ראָוונע האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן, איז נישט פאַרנו־מען געוואָרן פון די עסטרייכער אָדער די דייטשן. ביי דעם שטעטל אָלוק, פינף און דרייסיק קילאָמעטער פון ראָוונע, איז געשטאַנען דאָס דייטשיש־עסטרייכישע מיליטער און האָט זיך ווייטער נישט גערוקט. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז אין ראָוונע האָט מען נישט געקענט לעבן. דער טויט האָט דאָרט אַרומגע־שפּאַצירט איבער די גאַסן. אַלץ איז געווען פאַרשטיקט און איינגעפּרעסט אין פחד און אין אַנגסט.

די ידיעות, וואָס מיר פלעגן באַקומען פון ראָוונע, זענען תּמיד געווען נישט קיין פריילעכע. אמת, די שטאָט האַלט זיך, אָבער דאָס לעבן איז קיין לעבן נישט. ווענן דעם, אַז מיר זאָלן זיך אומקערן צוריק קיין ראָוונע, וואו מיר האָבן מיט אַזויפיל מי און כּוחות אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פון אונ־זער קיום, האָט דערווייל גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין. מיר האָבן געמוזט פאַרבלייבן אין ראָמען.

דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען מיט זיין שטייגער. ביסלעכ־ווייז האָבן מיר זיך דערוואָרבן באַקאַנטע, פריינט. מען האָט געכאַפּט אַ שמועס מיט דעם, מיט יענעם, גערעדט פון דער מלחמה, פון איר סוף...

נישט געקוקט אויף די טויזנטער נביאים, איז דאָך גע־ווען שווער פאָרצוזען איר סוף, ריכטיקער: עס האָט זיך נישט געגלויבט, אַז ניקאָלאַי וועט אין אַ שיינעם, צי אין אַ מיאוסן פרימאָרגן אַראָפּפאַלן פון בענקל...

דאָס האָבן דעמאָלט פאָרגעזאָגט אַ סך „נביאים״, דער עיקר, נאַטירלעך, יידן.

די אינטעליגענטערע פּליטים אין ראָמען האָבן כמעט אַלע פאָרגעזען דעם סוף פון דער רוסישער דינאַסטיע.

אַ ווילנער משכיל, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין ראָמען אין דער געשטאַלט פון אַ היימלאָזן, האָט מיר געזאָגט:

„די מלחמה האָט צוועקגעלייגט אויפן שמין-בענקל די גאַנצע רוסישע רעגירונג מיטן מלך און מיטן גאַנצן פּעקל אַנטיסעמיטן און צימבלט זיי גוט אַריין... זי שמייסט זיי גאַנץ געשמאַק אַריין פאַר אַלע חטאים, וואָס זיי זענען הונדערטער יאָרן באַגאַנגען קעגן דעם אייגענעם פאָלק און קעגן אַנדערע. מען שמייסט זיי איצט פאַר אַלץ און אַלעם״.

אַ צווייטער האָט געזאָגט:

„די געשיכטע רעכנט זיך אָפּ פאַר אונז... מיר זענען געווען אומבאַהאָלפן קעגן זייער מאַכט, קעגן זייער ריז, אַזאַ לאַנד. מען האָט אונז געטראָטן מיט די פיס און מיר האָבן געמוזט שווייגן. איצט איז געקומען די געשיכטע און ווייזט אַ חשבון... אין דער געשיכטע מוז יעדער חשבון געצאָלט ווערן. זי האָט פיינט באַנקראָטשיקעס און באַנקראָטן. ניקאָלאַי איז אַ באַנקראָטשיק, אַ געשיכטע-באַנקראָטשיק... און ער וועט דער־פאַר באַצאָלן מיטן קאָפּ, מיטן טראָן, עס וועט קיין שריד-ופליט פון אים נישט בלייבן״.

און ווען איך האָב געפּרואווט אויפווייזן, אַז די רוסישע אַרמעען האָבן נאָך גענוג כוחות, אַז זיי קענען זיך נאָך גוט שלאָגן, האָט מען מיך אויסגעלאַכט.

„זיי זענען העלדן ביי אונז אין לאַנד״, האָט דער ווילנער משכיל געזאָגט. „זיי זענען העלדן ביי אַ דעמאָנסטראַציע, ביי אַ בונט אין תפיסה... דעמאָלט זענען זיי גרויסע שיסער.

ביים דייטש פאַלן זיי ווי פליגן... ער שטרענגט זיך גאָרנישט אָן, דער דייטש, ער גייט איבער זיי, ווי איבער אַ ווייכע קאַשע פון מענטשן... ס'איז פשוט אַ חרפּה צו זען, ווי דער דייטש פירט לייכט דורך זיינע נצחונות אויפן רוסישן פראָנט... רוסלאַנד איז פאַר אים אינגאַנצן אָפן, און אויב ער נעמט נישט אַ שטאָט, איז עס נישט דערפאַר, ווייל ער קען זי נישט נעמען, נאָר ווייל ער וויל זי נישט נעמען... ער האָט זיין חשבון און זיינע פּלענער".

„פאַרוואָס אָבער שלאָגט דער רוס דעם עסטרייכער?" האָט עמעץ געפרעגט.

„נו דאָס איז אַ פשוטע זאַך", האָט דער משכיל געענט־פערט מיט אַ טאָן פון אַן אויטאָריטעט. „דעם עסטרייכער קען יעדער איינער שלאָגן. ערשטנס, איז עסטרייך אַ צעפוילטע מלוכה, וואָס שטייט אויך אויף הינערשע פיסלעך, כמעט ווי רוסלאַנד. זי קען זיך נישט שלאָגן און איר פאַטריאָטיזם איז זייער אַ צווייפלהאַפטער. נו, און, צווייטנס, גיבן זיך איבער די סלאַוון אין געפאַנגענשאַפט... זיי גיבן זיך איבער מאַסנ־ווייז... מען לויפט פשוט איבער צום שונא מיטן געווער מיט דער גאַנצער אַמוניציע... איך וועל אייך זאָגן אַ סוד, אַז ווען די רוסן וואָלטן געקענט פירן די מלחמה, ווי געהעריק, דאָס הייסט, ווען דאָס לאַנד וואָלט געהאַט די אמתע, די ריכטיקע אַרמעע־פירער, ווי הינדענבורג, אַ שטייגער, האָט שוין ווין פון לאַנג געדאַרפט פאַלן און גאַנץ עסטרייך האָט געדאַרפט געהערן צו רוסלאַנד. פאַרקערט, ס'איז אַ גרויסער חידוש, וואָס עסטרייך האַלט זיך נאָך... ס'איז אפשר מער חידוש פון די געוואַלדיקע דייטשישע נצחונות אויפן רוסישן אָדער פראַנצוי־זישן פראָנט..."

צוזוי האָט מען זיך אויסגעשמועסט צווישן זיך אין ראָמען.

מען האָט אַריינגעקנעלט און אַריינגעדרונגען אין די טיפֿע פֿאַרדרייטע וועגן פֿון מלחמה און באַטראַכט און אָפּגעשאַצט דעם מצב אויפֿן פֿראָנט, ווי אמתע מיליטערלייט.

כמעט אַלע זענען געווען איינשטימיק אין דעם, אַז דער רוס האָט ענדגילטיק פֿאַרלאָרן די מלחמה און אַז דאָס, וואָס ער שוויצט נאָך איצט און מאַכט קוראַזש און קריכט פֿון דער הויט, איז נישט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי...

איבעריקנס, האָט מען אין ראָוונע נאָך פֿריער געשמועסט, אַז דער רוס וועט דער ערשטער בעטן שלום. מען איז דאָרט אָבער נישט געווען אַזוי זיכער אין ניקאָלאַיס אַראָפּפֿאַלן פֿון בענקל, ווי דאָ אין ראָמען.

פֿאַר די ראָמנער אינטעליגענטע פּליטים, פֿאַר די פּליטים־סטראַטעגן, איז עס געווען אַזאַ זיכערע זאַך, ווי צוויי מאָל צוויי — איז פֿיר.



# קאפיטל VIII

א צרה מיט קאָרטן. — א לײַכטער טעלעפּאַטישיק, א געװײנלעכער זעקס און זעכציק אָדער א פּשוטער טויזנט. — א מענטש, װאָס שפּילט נישט, איז א נודניק. — מיר פאַרלירן די באַקאַנטע הײַזער צוליב קאָרטן. — גאַנץ ראָמען שפּילט. — א שמועס מיט א קאָרטנשפּילער. — א קרוב, װאָס מײַדט אונז אויס. — די שטילע גמרא־װוּנטן מיט די רבנים. — אן אימפּאָזאַנט בילד. — פּינקטלעך און בטחון. — פאַרשטאַרקטע נערװן. — א שטאָט, װאָס זעט אויס, װי אן אינזל אין א שטורעמדיקן ים. — װאָס זאָגט דער סקעפּטיקער אין ראָמען.

אין ראָמען איז מיט אונז געשען גאָר אן אנדער צרה: אין װאָסער הויז מיר זענען נישט אַרײַנגעקומען, האָט מען אונז די ערשטע זאַך געפרעגט:

„איר שפּילט אין קאָרטן?"

און װען מיר האָבן געענטפערט, אַז מיר שפּילן נישט, האָט מען אונז אָנגעקוקט מיט אַזעלכע אויגן, פּונקט װי מיר װאָלטן געװוען א קאַפּעטשקע נישט ביים זינען...

„װאָס הייסט איר שפּילט נישט?"

„גאָר פּשוט: מיר שפּילן נישט!"

„זאָלט איר געזונט זיין, אין אַ לייכטן טעלעפאָנטשיק אין פיר הענט שפּילט איר נישט?“

„ניין“, האָב איך געענטפערט.

„נו, איז כאָטש אין אַ געוויינלעכן זעקס און זעכציק?“

„אויך נישט.“

„נו, איז אפשר אין אַ פּשוטן טויזנט מיט זאָגעכצן: פערציק, זעכציק, אכציק און הונדערט?“

„אויך נישט.“

„נו, איז אפשר גאָר אין אַן אָקעלע, אַ יידיש אָקעלע, אָט אַזוי ווי איר שטייט און גייט? אַ לייכט אָקעלע...“

„ניין, אין אַן אָקעלע אויך נישט“, האָב איך געענטפערט.

„שפּילט איר גאָרנישט?“

„ניין, מיר שפּילן נישט.“

„נו, אויב אַזוי, זאָלט איר געזונט זיין, זענט איר דאָך טאַקע די אמתע נודניקעס, לאַנגווייליקע מענטשן, געגעצער... ס'וועט דאָך זיין לאַנגווייליק מיט אייך... ווי כאַפּט עס נישט אַ ייד אַ קאַרטל אויף אַ ווײַלע? אפשר שפּילט איר יאָ? שעמט זיך נישט.“

אומגעפער אַזאַ מין דיאַלאָג האָט זיך פּאַרוויקלט יעדעס מאָל, ווען מיר האָבן איבערגעטרעטן די שוועל פון אַ באַקאַנטן הויז. מען האָט אונז נישט געוואָלט גלויבן, אַז מיר שפּילן נישט אין קאָרטן און מען האָט אונז געהאַלטן פאַר נודניקעס.

„אָן קאָרטן קען מען איצט נישט לעבן“, האָט מיר דערקלערט אַ לײַדנשאַפטלעכער קאָרטנשפּילער. „דער קאָפּ דרייט, די רעיונות טראָגן, אויפן הארצן איז פּאַסקודנע, איז טאַקע די בעסטע זאַך, אַז מען נעמט זיך צו אַ קערטל און מען פאַרגעסט זיך אַ ביסל... אָן די קאָרטן וואָלט איך משוגע געוואָרן.“

„מען קען דאָך פאַרברענגען, שמועסן...״ פּרואוו איך איינווענדן.

„וואָס, פאַרברענגען? שמועסן?״ רופט ער זיך אָן און טוט ענערגיש אַ שפּיי. „אָט דאָ, אין גאָרגל, זיצן מיר שוין די שמועסן. איך האָב זיי שוין גענוג און איבערגענוג. ווידער מלחמה און אָבער מלחמה... ווידער פאַנקע, יעקע, פראַנצויז און אָבער פאַנקע, יעקע און פראַנצויז... מען קען דאָך משוגע ווערן פון אַזעלכע שמועסן. אַלע טאָג, אַלע שעה, אַלע מינוט דיזעלבע טעמעס, דיזעלבע ווערטער, דיזעלבע תנועות און זשעסטן... וויפיל איז דער שיעור, פרעג איך אייך? די גאַל קען דאָך פּלאַצן!״

„נו, קען מען לייענען אַ בוך״, זאָג איך, „פאַראַן אַזוי-פיל גוטע ביכער״.

דערהערט דאָס וואָרט „לייענען״, ווערט ער גאָר אַ צע-צאַפּלטער.

„ווער קען דאָס איצט לייענען? ווער האָט עס נערוון דערצו?״ שרייט ער קולי-קולות. „מען דאַרף זיין אַ נודניק שבנודניק, אַז מען זאָל איצט קענען אַריינקוקן אין אַ בוך. פאַרברענט זיי, די ביכער, מיט זייערע מחברים צוזאַמען! און טאָמער איז עס אייך ווייניק, קענט איר צו זיי צולייגן אויך די מלחמה-פירער. זיי מעגן אַלע פאַרברענט ווערן — פון דעם ערשטן ביז דעם לעצטן!״

„איז שוין גאָרנישט געבליבן אויסער די קאָרטן?״ פרעג איך בתמימות.

שרייט ער:

„מער גאָרנישט! גאָרנישט! ביי די קאָרטן פאַרגעסט מען זיך און מען לעבט אַ ביסל...״

איך דריק מיט די אַקסלען און פאַרשטיי אים נישט.

און ער גיט צו, שרייענדיק:

„איר פאַרשטייט? פאַר די נודניקעס — די ביכער מיט די לאַנגווייליקע שמועסן, פון וועלכע עס קערט די גרינע גאַל, און פאַר אַ נאַש בראָט, פאַר אַ מענטשן מיט נערוון, מיט אומרואיקע רעיונות — די טאַליע קאָרטן... די טויז רויט, די דאַמע פּיק... ביים שפּילן ווייס מען נישט פון מלחמות און פון היימלאָזע און פון אַנדערע שלעק און אומגליקן... ביים שפּילן לייטערן זיך אויס די רעיונות און מען מיינט, אַז די וועלט איז נאָך דיזעלבע, וואָס פריער...״

איך האָב פּלוצלונג געטראָפן אין ראָמען מיינעם אַ רייכן קרוב פון ליובטש. מיר האָבן זיך ביידע שטאַרק דערפרייט. „אָט וועט עס זיין מיט וועמען אַ סך צו רעדן, צו פאַרברענגען“, האָב איך מיך געטראַכט. „עס וועט זיין אַ נייע ליב הויז, וואוהין אַריינצוגיין. מיר וועלן דערמאָנען ליובטש, די יונגע יאָרן... און פאַר איינוועגס טאָקע אַ שמועס טאָן וועגן דער מלחמה, וועגן דעם דייטשישן אָנגריף און דעם גרויסן רוסישן ריקצוג...

ווען מיר האָבן אים באַזוכט אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט ער אונז זייער וואַרעם אויפגענומען. אָבער ער האָט אויך געשטעלט די פאַרשאָלטענע ראָמנער פראַגע:

„זאָלט איר געזונט זיין, איר שפּילט אין קאָרטן?״

„ניין“, האָב איך געענטפערט.

„גאָרנישט?״

„גאָרנישט.״

דער מענטש איז עפּעס באַלד אָפּגעקילט געוואָרן. ער האָט מיטאַמאָל פאַרלאָרן די פריינטשאַפט און די וואַרעמקייט און דעם חשק צו רעדן. באַלד דערויף האָט ער זיך זייער דעליקאַט דערווייטערט פון אונז...

מען קען זאָגן, אַז גאַנץ ראָמען האָט געהאַקט אין קאָרטן. די קאָרטן האָבן, ווי אַן עפּידעמיע, פאַרכאַפּט אַלע הייזער, סיי אָרעם, סיי רייך. די אָוונטן און די נעכט — און אַמאָל אויך די טעג — זענען אַוועק אין קאָרטן. און מיר האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן צו באַזוכן פריינט און באַקאַנטע. ווען מיר האָבן געעפנט אַ טיר פון אַ באַקאַנט הויז, האָט מען אונז באַגעגנט ווי אומגעבעטענע געסט.

„די נודניקעס זענען געקומען", האָבן מיר געלייענט אויף אַלעמענס פּנימער.

איך האָב אָבער בשום אופן נישט געקענט נעמען אַ קאָרט אין דער האַנט. דאָס קאָרטנשפּיל האָט מיך פּשוט אָפּגעטויסן פון זיך, אָבער אַזוי ווי אַ מענטש קען דאָך נישט לעבן אָן אַ געזעלשאַפט, האָב איך מיך ביסלעכווייז „צוגעלאָנטשעט" צו די רבנים, וואָס האָבן זיך אַלע אָוונט מפלפל געווען אין אַ בלאַט גמרא.

אין ראָמען האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביי אַ צוואַנציק רבנים פּליטים פון די קאָוונער און ווילנער ראַיאָנען. צווישן זיי האָבן זיך געפונען גרויסע לערנער, יידן לומדים, וואָס האָבן איבערראַשט מיט זייער חריפות און טיפע סברות. מען פלעגט זיך צוזאַמענקומען אַלע אָוונט אין בית-מדרש, מען פלעגט זיך אויסזעצן מיט די איידעלע פּנימער ביים לאַנגן טיש און איין רב פלעגט זאָגן פאַר אַלעמען אַ בלאַט גמרא. ס'איז געווען זייער אַן אימפּאָזאַנט בילד! די תלמידים זענען דאָ געווען אַזוי גרויס, ווי דער רבי און דער רבי, ווי די תלמידים. די „תלמידים" האָבן נישט געשטיפט, געלאַכן, שטיל און סאָליד אויסגעהערט דעם „רבין" און פון צייט צו צייט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ פּלוגתא מיט לאַנגע ראיות פון רש"י און תוספות. צווישן דידאָזיקע שיינע איידעלע יידן בין איך נאָר איינער

געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ פּריוואַטער מענטש, וואָס האָט נישט געטראָגן דעם יחוסדיקן טיטל רב.

דאָס זענען געווען זייער ליבע אָנגענעמע גמרא-אָוונטן, און איך האָב אוודאי זייער גוט געטאָן, וואָס איך האָב זיי אויסגעוויילט אָנשטאָט די קאָרטן-אָוונטן. אַמאָל פלעגן די רבנים שמועסן אויך פון זייטיקע זאַכן, פון פּאָליטיק, פון דער מלחמה... מען פלעגט אַרויסזאָגן פאַרשיידענע מיינונגען, סברות, השערות, איינער האָט זיך צוגעהערט צום צווייטן, מען האָט זיך נישט געשפּאַרט, נישט געקאַמפערט.

אַמאָל פלעגט איינער פון זיי דערמאָנען מיט בענקשאַפט די היים, די היימישע מענטשן, דעם היימישן בית-מדרש... ער פלעגט אָפּקרעכצן און באַלד דערויף זיך אליין באַרואיקן:

„נו, גאָט וועט מסתמא העלפן..."

„גאָט מוז העלפן!" פלעגט צוגעבן אַ צווייטער.

„גאָט וועט אוודאי העלפן!" פלעגט זיכער באַשטעטיקן אַ דריטער.

נאָכדעם פלעגט מען זיך זאָגן „אַ גוטע נאַכט", אַ קוש טאָן די מזוזה און גיין אַהיים שלאָפן. די שטילע יידן מיט די לאַנגע בערד, לאַנגע פּאותן און לאַנגע קאַפּאָטעס פלעגן, ווי שאָטנס, זיך אַוועקשאַרן איבער די געסלעך פון ראָמען.

• •
•

אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט אין ראָמען צען וואָכן צייט. ווייט פון פראָנט און פון די פראָנט-שטאַבן, האָבן מיר אַ ביסל

באַפּעטיקט די נערוון, דאָס נערוונסיסטעם. ביי אונז האָבן שוין אזוי נישט געציטערט די הענט, די אייגן האָבן פאַרלאָרן דעם נער־ווערישן גלאַנץ, דאָס געהער איז נישט געווען אזוי אָנגעשטרענגט. ווען נישט די זאָרג וועגן די קינדער, וואָס זענען פאַרבליבן אין ראָוונע, וואָלט שוין גאָר געווען גוט, אויב מען קען בכלל געברויכן דאָס וואָרט „גוט" אין אַ צייט פון אַ וועלט-מלחמה.

די פליטים-שטראָמען האָבן זיך נאָך אַלץ געצויגן קיין ראָמען. אָבער ראָמען איז נאָך אַלץ געווען אַ שטאָט פון בי־ליקע שפייזפּראָדוקטן און האָט אויסגעזען, ווי אַן אינזל אין אַ שטורמדיקן ים.

אַנדערע סקעפּטיקער האָבן אַפילו פאַרגעזן אַ וויכטן סוף אויף פאַר ראָמען.

זיי פלעגן זאָגן:

„היינטיקע צייטן זענען נישטאָ קיין זיכערע שטעט. עס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט. דער פראָנט שטייט נישט אויף איין אָרט. די מלחמה כאַפּט אַרום כמעט אַ האַלבע וועלט. נאָך אַ חודש, צוויי, דריי, פינף, און דאָס מלחמה-פייער וועט פאַר־כאַפּן אויך ראָמען..."

„אָבער אין פינף חדשים אַרום קען דאָך שוין זיין שלום אויף דער וועלט?" האָט עמעץ נישט זיכער איינגעווענדט.

„וואו שלום? ווען שלום?" האָט דער סקעפּטיקער געדריקט מיט די אַקסלען. „מען וועט זיך שלאָגן גאַנצע הונדערט יאָר!.. דאָס איז אַ מלחמה אָן אַ סוף".



# קאַפּיטל XI

ראָוונע האַלט זיך. — די דייטשן גייען ניט ווייטער. — מיר פּעקלען זיך איבער פון ראָמען קיין קיעוו. — א דירעקטאָר־פּאָסטן ביים קיעווער בראָדסקי. — מיין אומבאַשטימטע לאַגע. — א ייד טאָר נאָך אַלץ ניט וואוינען אין קיעוו. — נאַכט־אַבלאַוועס. — מיין פּרווו א פּלימעניצע, וואָס גייט אין קאַזע, וויל זי האָט נישט קיין וואוינרעכט. — אַן עפּיזאָד, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן. — די געשעפטן אין קיעוו. — שפּעקולאַנטן און שפּעקולאַציעס. — בוידעמס און קעלערס מיט אויסבאַהאַלטענע סחורות. — ווער זענען די שפּעקולאַנטן. — די מלחמה־שמוגלער און זייער נוצלעכע אַרבעט. — דער קעגנגיפט קעגן די שפּעקולאַנטן. — דער דייטש און די שמוגלער. — א דריסטע אומדערשראָקענע אַרמעע. — א שטיק פּיטער אין דער געשטאַלט פון א קינד.

ראָוונע איז נאָך אַלץ נישט פאַרנומען געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, ווי דער דייטש אָדער דער עסטרייכער וואָלטן גאָר־נישט געהאַט קיין שליטה איבער דערדאָזיקער שטאָט. זיי זענען צוגעגאַנגען נאָענט און האָבן זיך, ווי דורך אַ כישוף, נישט געקענט מער דערנענטערן.

איבעריקנס, האָבן זיך די דייטשן בכלל אָפּגעשטעלט. זיי האָבן זיך ווייטער נישט גערוקט אויפן גאַנצן פראָנט. עס איז געווען סוף דעצעמבער 1915. די פעלדער און וועגן זענען שוין

לאַנג געווען פֿאַרדעקט מיט שניי. עס האָבן זיך אָנגעהייבן די גוטע רוסישע פֿרעסט. אין דערדאָזיקער צייט האָט מען געוויינ-לעך נישט געפֿירט קיין ברייטע קריגס-אָפּעראַציעס.

מיר זענען געזעסן אין ראָמען אין האָבן אַלץ געטראַכט פֿון ראָוונע. סוף-כּל-סוף האָבן מיר באַרעכנט, אַז וויבאַלד ראָוונע איז נישט פֿאַרנומען, און קיעוו, אַ גרויסע פּריילעכע האַנדלס-שטאָט, איז נישט ווייט פֿון ראָוונע, איז טאַקע גלייכער צו זיצן אין קיעוו, איידער אין ראָמען. דאָס איז געווען אַ פּלאַן, און מיין פֿרוי האָט שטאַרק געהאַלטן פֿון איהם. ערשטנס, וועט מען עפּטער באַקומען ידיעות פֿון ראָוונע און, צווייטנס, וועט מען אפשר קענען אָנהייבן מסחרן און פֿאַרדינען געלט. פֿון אַרומגיין ליידיק ווערט אויך ליידיק אין די קעשענעס.

צולעצט האָבן מיר טאַקע באַשלאָסן זיך אַריבערצופּעקלען קיין קיעוו.

זיך צעזעגנט מיט די וויניקע (צוליב די קאָרטן!) פֿריינט און באַקאַנטע, האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין צוג און בשלום אָנגעקומען אין דער באַרימטער שיינער שטאָט, וואָס שטייט ביים דניעפּער.

עס האָט אונז באַלד אָפּגעגליקט מיט אַ דירה: מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן צו אַ גוטן ידיד פֿון ראָוונע און האָבן זיך פֿון דער ערשטער מינוט אָן געפֿילט ביי איהם אין הויז, ווי ביי זיך אינדערהיים. דאָס איז נישט געווען דער ראָוונער עושר וו., וואָס האָט זיך מיט אַזאַ פֿאַראַכטונג און שנאה באַצויגן צו דעם עלנטן היימלאָזן.

ווען מיר האָבן זיך אַ ביסל אויסגערוט פֿון וועג, האָט מען טאַקע גענומען טראַכטן פֿון געשעפֿט. אין ראָמען האָבן מיר געהאַט אַזאַ געפֿיל, אַז מען דאַרף גאָרנישט טאָן, נאָר זיצן און וואַרטן און אויסוואַרטן אויף בעסערע צייטן. אין

קיעוו האָט זיך אויך געוואָלט וואַרטן, אָבער גלייכצייטיק האָט זיך געוואָלט עפּעס טאָן. מיר האָבן געזוכט עפּעס אַ געשעפט און מען האָט עס אויך געקענט געפינען.

איך האָב געקענט נעמען אַ בירבראַנעריי אין אַרענדע. מען האָט אַפילו געשמועסט דערפון. אויך האָט מיר דער באַוואוסטער גביר בראָדסקי, אַן אייגנטימער פון צוויי בירבראַנעריי־ען אין קיעוו, פאָרגעלייגט דעם פּאָסטן פון אַ דירעקטאָר אין די דערמאָנטע בירבראַנערייען. איך האָב מיך אָבער נישט געקענט באַשליסן. ראָוונע איז מיר אַלץ געשטאַנען אין וועג. דידאָזיקע שטאָט איז כסדר געהאָנגען אין לופטן, איר גורל איז געווען אַן אומבאַשטימטער און דעריבער איז אויך מיין לאַגע געווען אַן אומבאַשטימטע.

אגב, איז נאָך אַלץ געווען שלעכט אין קיעוו מיט וואוינ־רעכט. די פּאָליציי האָט עפטער געמאַכט אָבלאַוועס אויף יידן, ווי אין די אַלטע גוטע צייטן. דאָס האָט שטאַרק דענערווירט און געבונדן די הענט. די מלחמה האָט אויף אַ האָר נישט געענדערט דעם כאַראַקטער פון דער רוסישער מאַכט.

צו אונז איז גראַדע געקומען צו גאַסט מיין פרויס אַ פּלימעניצע, אַ שיין וואויל מיידל. זי איז געקומען פון בער־דיטשעוו און האָט געוואָלט פאַרברענגען ביי אונז אַ קורצע צייט. עמעץ האָט אָבער אונטערגערוקט אַ מסירהלע און ביינאַכט איז פּאָליציי באַפאַלן אונזער וואוינונג.

אין שטוב האָבן זיך דערהערט גראָבע פּאָליצייאישע שטי־מען, שווערע שטיוולדיקע טריט.

די, וואָס האָבן געשלאָפן, האָט מען ברוטאַל אויפגעריסן פון שלאָף און מען האָט אָנגעהייבן קאָמאַנדעווען איבער אונז, פונקט ווי מען וואָלט געכאַפּט אַ נעסט פון געפערלעכע רוצחים און באַנדיטן...

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז מען האָט געדאַרפֿט ווייזן די פּעסער, ענטפֿערן אויף די אומאָנגענעמע פּאָליציייאישע פֿראַגן און דערביי האָט גוט צוגעטיאָכקעט דאָס אָרעמע יידישע הארץ...

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט פֿאַרהאַלטן צוויי געפֿערלעכע באַנדיטקעס: די אַלטע קעכין פֿון שטוב און דאָס מיידל, מיין פֿרויס פּלימעניצע... דאָס מיידל האָט, נעבעך, שטאַרק געציטערט, עס האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן, און דעריבער האָט זי זיך נישט געקענט אָנטאָן שנעל. ס'איז איר אַלץ געפֿאַלן פֿון די ערלעכע אומשולדיקע ציטערדיקע הענט.

דער פּריסטאַוו האָט זי ברוטאַל צוגעטריבן:

„גיכער, גיכער, וואָס געדויערט עס אַזוי? איך וועל דיך אַ נאַקעטע אַוועקפֿירן פֿונדאַנען!"

איך האָב געקוקט אויפֿן ברוטאַלן פּריסטאַוו און בעת מעשה פֿיינלעך געטראַכט:

„אַ לאַנד, וואו מען רייסט אויף ערלעכע מענטשן פֿון שלאָף און מען שלעפּט זיי אַוועק אָן אַ שום חטא אין קאָזע אריין, ווי די גרעסטע פֿאַרברעכער — אַזאַ לאַנד מעג טאַקע אונטערגיין, פֿאַרברענט ווערן. דער בירגער, וואָס וואוינט אין אַזאַ לאַנד, מעג זיך טאַקע פֿרייען אויף זיינע מפּלות. דאָס איז, לפּחות, אונזער איינציקע פֿרייד..."

די פּאָליציי האָט מיט גרויס טריומף און נצחון אַוועקגע־פֿירט די אַלטע קעכין מיטן בערדיטשעווער מיידל אין קאָזע אַריין. דאָרט האָט מען זיי אַרייגעוואָרפֿן צווישן גנבטעס און גאַסנפֿרויען. די לעצטע האָבן באַטראַכט די צוויי ניי־אָנגעקו־מענע געסט און האָבן באַלד אָפּגעשאַצט מיטן אויג, אַז דאָס יונגע מיידל איז אַן אומשולדיקע בריה, נאָר די אַלטע קעכין געהערט אָן צו זייער פֿאַך...

זיי האָבן זיך גענומען טשעפּען צו איר. די בידנע זקנה,

וואָס איז אַ גאַנץ לעבן געשטאַנען ביים אויוון און געקאָכט מיטאָגן פאַר פרעמדע מיילער, האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס וויל מען דאָ פון איר.

דעמאָלט זענען איר די גאַסנפרויען באַפאַלן מיט געמיינע זלזולים:

„אָט אַן אַלטע כאַליערע! דאָס פלייש האָט איר שוין אויסגעטריקנט אויף די ביינער און זי האַלט זיך נאָך אַלץ ביי איר פּרנסה!.. קוקט זי נאָר אָן, ווי שיין זי איז!"

די קעכין, וואָס איז געווען שטאָלץ אויף איר ערלעכ־קייט און צניעות, האָט זיי געענטפערט און דערפאַר האָט זי געקראָגן גוט אָנגעבראָכן די ביינער. עס איז געוואָרן אַ טומל, וואָס איז, איבעריקנס, דער פּאָליציי וויניק אָנגעגאַנגען.

צומאָרגנס איז מיין באַלעבאָס פון דער וואוינונג נעגאַנ־גען אין צירקל אריין, אַריינגעשטעקט וועמען מען דאַרף עט־לעכע רובל לאַפּקע־געלט און מען האָט באַפרייט די קעכין מיטן מיידל.

אַ לאַנגע צייט איז דערדאָזיקער עפּיזאָד געזעסן אין זכרון און האָט אונז פאַרשאַפט אַ סך פּיין.

• •

אין קיעוו איז געווען זייער לעבעדיק. אויף די פראָנטן איז געווען „שטיל", און דער עולם איז שוין נישט געלאָפן מיט אַזאַ פּחד צו די צוגן. מען האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַר־געסן און מען האָט זיך געפּרוּאווט איינפונדעווען. עס האָט

זיך אָנגעהייבן אַ שטאַרקער מסחר. מיט יעדן טאָג זענען אויפֿגעקומען נייע געשעפֿטן. יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ ביסל געלט, האָט איינגעהאַנדלט סחורה און האָט עס אָפּגעלייגט אויף יענע צייטן, ווען דער פּרייז וועט זיך אויפֿהייבן... פּשוטער גערעדט, מען האָט שפּעקולירט, ווי ווייט עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

די, וואָס האָבן געהאַט מער געלט, האָבן אָפּגעלייגט גאַנצע לאַגערס סחורה, וואָס איז נישט פֿאַרקויפֿט געוואָרן, נאָר אויסבאַהאַלטן געוואָרן אויף שפּעקולאַציע. דאָס האָט, נאַטירלעך, געפֿירט צו דעם געפֿערלעכסטן יקרות און צו דער גרעסטער נויט אין שטאָט. דער שפּעקולאַנט איז אָבער אַזוי געבויט, ער איז געקנאָטן פֿון אַזאַ טייג, אַז נאָר אין אַ סביבה פֿון יקרות און נויט ציט ער ערשט רעכט אָפּ דעם אָטעם און שפּרייט פֿאַנאַנדער, ווי געהעריק, זיינע פֿליגלען...

גאָט אין הימל, וואָס פֿאַר אַ קאָלאָסאַלע קוואַנטומס סחורה האָט מען דעמאָלט אויסבאַהאַלטן אין קיעוו! יעדער קעלער, יעדער בוידעם, יעדעס ווינקלצימער איז געווען אָנגעפּאַקט און איבערגעפּאַקט מיט סחורה.

אַ קליינער ביישפּיל:

צוויי שפּעקולאַנטן האָבן געהאַט צווישן זיך אַ סכסוך, האָט מען זיך גענומען פֿאַר אַ בורר. ביים באַהאַנדלען דעם ענין האָט יעדער איינער פֿון זיי געמוזט אָנגעבן די ריכטיקע צאָל פֿון זיין סחורה, אַנישט וואָלט מען נישט געקענט אויסגלייכן די צדדים. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איינער האָט אויסבאַהאַלטן אַ לאַגער סחורה אויף אַ קאָלאָסאַלער סומע. דער לאַגער איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פֿון ליכט, רייז און... שוועבעלעך. דעם צווייטנס שפּעקולאַציעס זענען שוין נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, פֿונדעסטוועגן האָט ער אויך געהאַט ליגן ביי זיך אַ וואָסערע פֿיר הונדערט טויז בראָקאַרס זייף...

עס זענען געווען אזעלכע, וואָס האָבן געהאַט פאַרבאַ־האַלטן גאַנצע בוידעמס מיט טאַבאַקן אָדער קעלערס מיט זיידנס סאַמעט און... יאָד אָדער נאַפט...

די שפעקולאַנטן האָבן, ווי ווערעם, אונטערגעגראָבן דאָס לעבן. אָבער קעגן זיי איז קיין שום עצה נישט געווען. זיי זענען געווען א פועל־יוצא פון דער מלחמה, און אויב מען האָט זיי געוואָלט אויסראָטן, האָט מען פריער געמוזט פאַרניכטן דעם באָדן, אויף וועלכן זיי וואַקסן שטענדיק אויס, דאָס הייסט אָפּ־שטעלן די מלחמה.

ווי עס פירט זיך שוין אזוי פון קדמונים אָן, האָט מען אלע שפעקולאַנטן געמאַכט פאַר יידן. די אנטיסעמיטן און יידנפרעסער האָבן תמיד געשריען אין איין קול, אז די שפע־קולאַציע איז א יידישע דערשיינונג. דאָס איז, נאַטירלעך, נישט ריכטיק. אלע פעלקער האָבן געגעבן א גלייכע צאָל שפע־קולאַנטן, נאָר דער יידישער שפעקולאַנט איז אפשר געווען פע־איקער, געשיקטער, רירעווודיקער, האָט ער זיך מער געוואָרפן אין די אויגן.

לעבן די שפעקולאַנטן, וואָס האָבן, ווי מען זאָגט „אויף איין פוס" געמאַכט גרויסע קאַפּיטאַלן און האָבן זיך איבערגע־זעטיקט מיט עשירות, אויפן חשבון פון דער באַפעלקערונג, איז אפשר כדאי צו דערמאָנען די קליינינקע דאַרינקע מלחמה־שמוגלער, וועלכע האָבן איינגעשטעלט דאָס לעבן און אַריבער־געשמוגלט פון איין פונקט אין א צווייטן א ביסל פוטער, זייף, טאַבאַק און אפילו פלייש... דידאָזיקע בידנע מלחמה־שמוגלער זענען אפילו געווען זייער נוצלעך פאַר דער אָרעמער באַפעל־קערונג. ווען נישט זיי, וואָלטן די אָרעמע קוואַרטאַלן פון די גרעסערע שטעט, וועלכע זענען געלעגן נישט ווייט פון פראָנט,

נישט געוואוסט פון אַ שטיקל פּוטער, פלייש, אייער, טיי און דאָסגלייכן.

פאַרכאַפּנדיק אַ געוואַלדיקן שטח אין פּוילן און אין ליטע, האָט דער דייטש, צוליב פאַרשיידענע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע טעמים, שטאַרק באַגרענעצט דעם פאַרקער צווישן די שטעט און שטעטלעך אויף דעמדאָזיקן שטח. ער האָט איינגעפירט די אַזויגערופענע „פּאַסירשיינען", האָט אויף אַלע סטאַציעס צוועקגעשטעלט קאָנטראָליעס, וואָס האָבן אַדורכגעבאַדקעוועט, אַדורכגעטאַפּט די פּאַסאַזשירן.

דער יקרות איז אָבער נישט אין אַלע שטעט און שטעטלעך געווען גלייך. דער קילאָ פּוטער, צי אַן אַנדער וויכטיקער פּראָדוקט, האָט אין וואַרשע געקאָסט אַ סך טייערער, ווי, לאָמיר זאָגן, אין לובלין, צי אין אַן אַנדער שטאָט. דערזעלבער קילאָ פּוטער, ווידער, האָט אָבער ערגעץ אַנדערש געקאָסט נאָך ביליקער, ווי אין לובלין.

די רירעוודיקע מוטיקע אַרמעע פון מלחמה-שמוגלער האָט געפּירט די נויטיקסטע שפּייזפּראָדוקטן פון אַ ביליקער שטאָט אין אַ יקרות-שטאָט. זיי האָבן אַזויאַרום נישט נאָר רעגולירט פיל-ווייניק די פּרייזן אויף שפּייזפּראָדוקטן צווישן איין שטאָט און אַ צווייטער, נאָר זיי האָבן אויך אָפּגעשוואַכט דעם אומאויפהערלעכן וואוקס פון יקרות און געגעבן אַ מעגלעכקייט דער אָרעמער באַפעלקערונג איינצוהאַנדלען אַמאָל אַ שטיקל פּוטער, צי אַ שטיקל פלייש. אויב מען האָט דעמאָלט אין אַן אָרעמער שטוב געשטילט דעם הונגער מיט אַ בעסערן מיטאָג, האָט מען עס זיכער געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם מלחמה-שמוגלער.

דערדאָזיקער שמוגלער האָט נישט געמאַכט קיין פאַרמעגנס. ער איז נישט רייך געוואָרן. פאַרקערט, ער האָט געפירט אַ שווער ביטער לעבן, טיילמאָל פאַרבונדן מיט סכנות-נפשות.

דער דייטש האָט אים זייער גערודפט און האָט אים נאָכגעהיט און נאָכגעלויערט אויף יעדן שריט און טריט. ער איז אָבער געווען זייער געשיקט, דער שמוגלער, און איז טיילמאָל קונציק אריבערגעשפּרונגען מיט זיין שמוגל סאַמע אונטער דער נאָז פון דייטש. עס איז באַקאַנט זיין ווערטל:

„נישקשה, יעקע נאַר איז נישט אַזוי געפּערלעך. מען קען זיך אַן עצה געבן מיט אים”.

דער דייטש האָט געמאַכט אַ רעוויזיע אין צוג. געזוכט שמוגל ביי די פּאַסאַזשירן. מען האָט אַלעמען איבערגעטרייסלט. דערביי איז געזעסן אַ פרוי און געוויגט אַ קינד. אַן אומשולדיק בילד. דאָס קינד איז אָבער נישט געווען קיין קינד, נאָר אַ גרויס שטיק פּוטער, אויסגעפּורעמט אין דער געשטאַלט פון אַ קערפּערל... זיי האָבן געהאַט אַ סך פאַנטאַזיע, די שמוגלער, און מען מוז מודה זיין: זיי האָבן געטאָן זייער אַ וויכטיקע אַרבעט.

אויף וויפל עס זענען געווען שרעקלעך די שפּעקולאַנטן, וואָס האָבן תמיד אויפגעשרויפט די פּרייזן און געהייבן דעם יקרות, אויף אַזויפיל זענען געווען נוצלעך די שמוגלער, די דאָזיקע אומדערשראָקענע דרייסטע אַרמעע, וואָס האָט פּסדר אונטערגעגראָבן דעם יקרות. זי האָט אַזוי־אַרום אומדירעקט געקעמפט מיט די שפּעקולאַנטן און טיילמאָל מיט מער דערפאָלג, ווי די מאַכט...



# קאפּיטל X

רציינות אין ראָמען וועגן ראַווגע. — א נסיעה פון קיעוו קיין ראַוונע. — דאָס הארץ טיאָכקעט צו. — אין קופּע. — א דאַמע און צוויי גוואַרדיע־אָפיצירן. — דער דאַמעס מיינונג וועגן ידן. — די אָפיצירן באַמערקן צו מיט בייזע אויגן. — מען ווערט באַפּוצן די טראַקטן און וועגן מיט אויפגעהאַנגענע ידן. — מען דער־וואַרעמט זיך קעגנזייטיק. — איך מיט מיך צרות אין שמועס. — מען קוקט מיך אָן ווי וועלף. — פּעכלעך בילוויער, וואָס קענען א ליאָדע מינוט אויפרייסן. — ס'איז אומהיימלעך אויף דער נשמה. — מיר קומען קיין ראָוונע.

בשעת מיר זענען געזעסן אין ראָמען, האָט זיך מיר אָלץ געדאַכט, אַז ראָוונע איז פאַר מיר אָפּגעשניטן — אַלצ־איינס, צי דער דייטש האָט זי פאַרנומען, צי נישט. און נישט איינמאָל האָב איך מיר מיט ווייטיק אינדערשטיל געטראַכט, אַז איך וועל שוין מסתמא ראָוונע נישט זען ביז נאָך דער מלחמה. אין קיעוו אָבער האָב איך מיטאַמאָל דערפילט, אַז מען קען זיך מאַכן הארץ און אַריינפאָרן קיין ראָוונע...

נאַטירלעך, מען דאַרף נאָר נישט זיין קיין פחדן און זיך נישט לאָזן באַהערשן פון שרעק. פאָרן דאַך מענטשן פון אין קיין ראָוונע און קיין שום בייז פּאַסירט זיי נישט. לאָמיר טאַקע אויך פאָרן.

איך האָב גרויסגענומען אַ פּאָר־שיין און האָב מיך אַוועק־געלאָזט אין וועג אַריין. איך וועל, נאַטירלעך, נישט זאָגן, אַז איך האָב מיך בּאַת מעשה געשפּירט מעשה העלד. ניין, און טויזנט מאָל ניין. דאָס האַרץ האָט שטאַרק צוגעטיאָקקעט, אַלא וואָס, איך האָב מיך געמאַכט נישט הערנדיק...

דערפאַר אָבער האָב איך מיך געמוזט צוהערן צו אַ שמועס, וואָס האָט מיר זייער נישט געשמעקט. איך בין געפאָרן אין אַ קופּע פון ערשטן קלאַס. אין קופּע איז געזעסן אַן עלעגאַנטע דאַמע מיט צוויי גוואַרדיע־אָפיצירן און האָבן גערעדט פון יידן.

די עלעגאַנטע דאַמע איז געווען זייער בייז. זי האָט געזאָגט:

„אַלע צרות שטאַמען פון די יידן. מיר זענען אומגליק־לעך צוליב זיי. זיי העלפן די דייטשן, קריכן אַריין מיט די פאַרשפּיצטע אויערן אין אַלע סודות פון שטאַב. ס׳איז נישטאָ צו זיי קיין שום תרופה. זיי העלפן די דייטשן מיט שפּיאָ־נאַזש און געלט. איר פאַרשטייט, אַ פאָלק, אַ גאַנץ פאָלק, וואָס וואוינט אויף אונזער ערד, העלפט די דייטשן... איך פרעג אייך, וואָס פאַר אַ שטראָף איז גענוג פאַר זיי?"

די אָפיצירן האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, געמאַכט אַ בייזע מינע און צוגעברומט:

„אַזוינס איז אינערגעץ נישט געהערט געוואָרן! אַזוינס קען נאָר געשען ביי אונז!"

זיי האָבן זיך אַ ווײַלע אָפּגעבלאָזן, געקלונגען מיט די שפּאָרן, געברומט. די דאַמע האָט קאָקעטירט מיט איר בייז־קייט, מיט איר פּאַטריאָטישן גרימצאָרן און האָט ווידער־אַמאָל געזאָגט:

„דאָס איז נאָך גאָרנישט. די יידן רואינירן דאָס לעבן אין לאַנד, דעם האַנדל... זיי האָבן אויפגעשרויפט די פרייזן אויף די שפּייזפּראָדוקטן. אַפילו אַ מענטש מיט געלט האָט איצט פאַרלאָרן דעם חשק אַריינצוגיין אין אַ געוועלב. דער יקרות ברענט. די שפּעקולאַנטן פאַרבאַהאַלטן אַלע נויטיקע שפּייז־פּראָדוקטן. פאַר דעם ביסל פּראָדוקטן, וואָס זיי לאָזן אַרויס אין גאַס, הייסן זיי זיך צאָלן לעגענדאַרע פּרייזן. דאָס זענען אַלץ יידן, יידישע גאַרבעס. זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אונז. עס איז שוין באַלד אינגאַנצן אוממעגלעך צו לעבן פון זיי. מיט איין וואָרט, די לאַסט, וואָס מיר טראָגן פון די יידן, איז צען מאָל גרעסער, ווי די לאַסטן, וואָס מיר טראָגן פון דער מלחמה".

„טאַק, טאַק," האָט איינער פון די אָפיצירן, אַ רויט־פּנימ־דיקער פּאַנקע מיט וואָנסעלעך צוגעשטימט און בעת־מעשה זיגע־ריש געקלונגען מיטן שווערד און מיט די שפּאָרן. „זיי וועלן אָבער האָבן אַ ווייסטן סוף, די יידן. איצט איז זייער צייט: זיי שפּיאָנעווען און שפּעקולירן, זיי פאַרשאַפן אונז די גרעסטע שוועריקייטן סיי אין לאַנד, סיי אויפן פראָנט. אָבער, מאַדאַם, מיר וועלן זיך אָפּרעכענען מיט זיי... מיר וועלן זיי אויסראָטן ווי די מייז. מיר וועלן פאַרברענען זייערע הייזער, זייער עשירות, און די וועגן און טראַקטן וועלן מיר אויף הונדערטער וויאָרסטן באַפּוצן מיט געהאַנגענע יידן..."

דער צווייטער, אַן עלטערער אָפיציר, מיט דין צוגעשאַ־רענע גרויע שלייפן און מיט אַ לאַנגן פּאַפּיראָס אין האַנט, האָט באַסיק־הייזעריק צוגעגעבן:

„יאָ, ווען מיר וועלן איצט גיין צוריק, צי זיגער, צי באַ־זיגטע, וועלן מיר נישט איבערלאָזן אַ שטיין אויף אַ שטיין... מיר וועלן געבן אַ גענעראַל־שלאַכט די יידן. איך שטעל מיר

פאָר פעלדער, וועגן און שטעט מיט טויטע יידן... בערג מיט טויטע יידן... קינדער, ווייבער, אַלץ וועט פאַלן פון פייער און שווערד".

דערדאָזיקער שמועס, וואָס האָט שוין, איבעריקנס, קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט אויף מיר, האָט זיך געקייטלט אָן א סוף. די דאַמע האָט אונטערגעוואַרעמט די אָפיצירן, די אָפּי- צירן האָבן אויפגעהעצעט די דאַמע. זיי האָבן זיך איינגעגעסן אין דער טעמע מיט דער גאַנצער פיינטשאַפט צו יידן.

„פאַר זייער שפּעקולאַציע אַליין", האָט די דאַמע געזאָגט, „זענען זיי ווערט, מען זאָל זיי אַלע אויפהענגען, פון קליין ביז גרויס".

„אזוי וועט עס טאַקע זיין", האָט דער יינגערער אָפיציר באַשטעטיקט. „און איך גלויב, אז איר וועט נישט דאַרפן לאַנג וואַרטן".

„דער חשבון מיט די יידן קען געמאַכט ווערן אַ ליאַדע טאָג", האָט דער צווייטער אָפיציר צוגעברומט.

„יאָ, מען טאָר טאַקע לאַנג נישט וואַרטן", האָט די דאַמע קאָקעטיש צוגעוואָרפן. „יעדער טאָג איז טייער".

סוף-כל-סוף בין איך אויך אַריינגעפאַלן מיט אַ וואָרט. איך האָב מיך נישט געקענט איינהאַלטן. איך האָב געזאָגט:

„פאַרוואָס מיינט איר, אז די שפּעקולאַנטן זענען בלויז יידן? און ווער שפּעקולירט מיט מעל, מיט קאַרטאָפל, מיט די אַלע לאַנד-פּראָדוקטן? דאָ זענען דאָך קיין יידן שוין נישטאָ!"

די דאַמע האָט באַוויליקט צו ענטפערן:

„די לאַנד-פּראָדוקטן זענען טייער, ווייל די דאָרף-אַרבעט קאָסט איצט זייער טייער".

„איר וועט מיר אַנטשולדיקן", האָב איך געזאָגט, „אַלע

שפעקולירן איצט. עס שפעקולירט דער גוטבאַזיצער, דער סוחר, דער פאַבריקאַנט... אַלע שינדן די הויט, און מען קען נישט אַרויפוואַרפן אויף די יידן די שולד פון יעדן שפעקולאַנט".

די אָפיצירן האָבן מיך אָנגעקוקט מיט אויגן פון וועלף, די דאַמע האָט זיך געדרייטלט פון גרימצאָרן.

„ס'איז אַ חרפה צו הערן אַזעלכע ווערטער!" האָט זי געזאָגט. „אַלע ווייסן, אַז די יידן שפעקולירן. אַלע ווייסן, אַז דער יקרות וואַקסט פון זיי. אַלע ווייסן, אַז זיי האָבן ליגן אין די קעלערס פאַרבאַהאַלטן די סאַמע נויטיקסטע פּראָדוקטן. אַלע ווייסן..."

זי האָט געשאָטן מיט ווערטער, ווי מיט טרוקענע אַר־בעס. די אָפיצירן האָבן מיך געגעסן מיט די אויגן. איינער פון זיי האָט געזאָגט:

יידן זענען גנבים, אויסוואורפן...

„און איך קען יידן", האָב איך מיך אָנגערופן מיט וויי־טיק, „וואָס פירן די כאַיאָנטקעס ביי די פּריצים און מען טרייט זיי אָן קאָלאָסאַלע סומעס... קיינער האָט זיי נאָך נישט אָנגע־רופן מיט אַזעלכע נעמען".

„ס'איז נישט ריכטיק", האָט דער עלטערער אָפיציר בייז אָפּגעהאַקט.

איך האָב מיך איינגעשטעלט און ווייטער געזאָגט:

„מיר פאָרן קיין ראָוונע. איך קען אייך דאָרט ווייזן אַזעלכע יידן. איך וועל אייך דאָרט ווייזן אַ יידן, וואָס פירט די געשעפטן ביים גראַף איראַד, און דער גראַף וועט קיין איין שריט נישט מאַכן אָן דער מזל־ברכהדיקער עצה און הסכמה פון דעם יידן".

די עלעגאַנטע דאַמע האָט זיך פאַרקרימט:

„אויב דאָס איז אמת, איז עס נאָר צום באַדויערן".

איך האָב געוואוסט, אַז איך רעד נישט דאָס, וואָס מען דאַרף. איך האָב אָבער אויך געוואוסט, אַז דאָס, וואָס איך וועל דאָ זאָגן, וועט נישט סויגן. איך וועל זיי נישט אי-בערצייגן. פאַרקערט, איך וועל זיי נאָכמער אויפרעגן. זיי זענען געזעסן לעבן מיר, ווי פעסלעך פולווער, און איך האָב געהאַלטן זאַפּאַלקעס אין די הענט... אָט-אָט וועלן זיי אויפרייסן.

דער עלטערער אָפיציר האָט אַזוי ווי געשלאָסן דעם שמועס:

„מיר וועלן צעררייבן די יידן אויף מעל. אין דעמדאָזיקן קריג וועלן מיר כאָטש דאָס איינע דערגרייכן, און דאָס וועט אפשר זיין דאָס בעסטע, וואָס מיר וועלן טאָן".

יי רעדער האָבן געקלאַפּט, מיר האָבן זיך דערנענטערט צו ראָוונע. אין קופּע איז געווען שטיל. אינדרויסן האָט געבערענט דער פראָסט, און די פענסטער פון וואַגאָן זענען געווען באַ-צויגן מיט דיקע בלעטער און בלומען.

עס איז געווען אומהיימלעך אויף דער נשמה.

די עלעגאַנטע דאַמע האָט געגענעצט. דער יונגער אָפיציר האָט איר מענלעך-גוואַרדייאיש אַריינגעקוקט אין די אויגן. אַ טריף שמייכעלע האָט זיך אים צעגאָסן איבערן האַרטן פּנים.

ער האָט געזאָגט:

„ראָוונע איז, נאַטירלעך, אַ העק, אָבער ווען ס'איז נאָר דאָ דער גוטער ווילן, קען מען אויך דאָרט פאַרברענגען".

די דאַמע האָט געגענעצט און געשמייכלט צוזאַמען. דאָס איז, קענטיק, געווען אַזאַ מין קאָקעטעריע. דער ערשטער אָפיציר האָט זיך אויפגעהייבן און האָט פאַררויכערט אַ לאַנגן פּאַפּיראָס, אַרויסבלאָזנדיק גלייך קעגן זיך אַ בלויען זייל רויך.

„מיר זענען שוין באַלד אין ראָוונע", האָט ער געזאָגט.

דער יונגער אָפיציר מיט דער דאַמע האָבן אַריינגעכאַפּט צווישן זיך אַ פּאָר שטילע קאָנטראַבאַנדע-ווערטער. איך האָב מיך אויך אויפגעהייבן. דער קאָפּ האָט עטוואָס געשווינדלט. דאָס האַרץ האָט זיך עטוואָס געשראָקן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך מיטאַמאָל שטאַרק צעסאַפּעט און איז געבליבן שטיין פאַרן ראָוונער וואָקזאַל.



# קאַפּיטל XI

אין ראַוונע. — אַלע אינדערפרי באָמבעס. — ברענענדיקע הייזער און הרוגים. — השך מצרים. — זעלנער און פחד. — מען איז ניטא זיכער אין דער רוסישער אַרמעע.—דאָקטאָר סעגאל.— אַ מענטש, וואָס באַשיצט די באַפעלקערונג פון דער שטאָט. — צוריק אין קיעוו. — דער חילוק צווישן קיעוו און ראָוונע. — גענוג אַרומציגיין ליידיק. — אין זשיטאָמיר. — אַ פּלאַן מיט „לייכטן ביר". — עס הייבט זיך אָן אַרבעט. — שוועריקייטן מיטן פילטער און מיט אַ דערלויבעניש.—דער ווילן איז שטאַרקער פון אַלע צוימען. — צווישן זעלנער בויט מען נישט קיין געשעפטן. — מיין עקשנות. — איך מוז אַרבעטן. — דער נייער זאַוואָד פון לייכטן ביר אָדער „פּיוואָ". — דער רושם פון דער אונטערנעמונג. — אַ וויזיט פון דער מיליטערישער זשאַנדאַרמעריע. — אַן אומאויפהערלעכער שטראָם פון פדיון. — מען ווערט צוגעוויינט צום כיבוד פון די אָטראָפּלאַגען. — אַ פריילעכער סדר מיט געסט אין אָפיצירישע מונדירן.

אין ראָוונע איז איינגעפירט געוואָרן באַלאַגערונגס-צושטאַנד, און די באַפעלקערונג האָט זיך טאַקע געפילט, ווי אין אַ באַלאַגערטער פעסטונג. די ווענט זענען געוועזן פאַרקלעבט מיט שטרענגע אזהרות און באַקאַנטמאַכונגען. דער בירגער האָט זיך געפונען אונטער דער השגחה פון דער פּאָליציי און מיליטער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען איז מחויב שטיל צו אָטעמען...

אַלע אינדערפרי האָבן זיך באַוויזן אויפן אָנגעוואָלקנטן הימל דייטשיש-עסטרייכישע אעראָפּלאַנען, פּונקט ווי ריזעדיקע רויבפייגל, און האָבן מכבד געווען די איבערגעשראָקענע שטאָט מיט אַ פּאָרציע באָמבעס. פון די באָמבעס ברענען הייזער און עס פאַלן מענטשן.

און ביינאַכט איז חשך מצרים. יעדער שיין פון אַ לעמפּל איז, ווי אַן אוצר, אויסבאַהאַלטן געוואָרן בחדרי-חדרים. די האָסט געפילט אין שטוב, ווי דער דרויסן איז שרעקעוודיק, ליידיק, טויט...

אויב עס האָבן געקלאַפּט די רעדער פון אַ וואָגן, איז עס געווען אַ מיליטערישער וואָגן. אויב דו האָסט געהערט טריט, זענען עס געווען די טריט פון זעלנער. נישט ווילנדיק איז אויך דער ציווילער מענטש אַריינגעקוועטשט געוואָרן אין דעם אַלץ פאַרשלינגענדיקן און אַלץ פאַרדייעגדיקן אָרגאַניזם פונם מיליטער.

די שטאָט האָט עקזיסטירט אָן אַ מאַגיסטראַט, די יידן אָן אַ קהילה. די פאַרמעגלעכערע זענען זיך צעלאָפן. אַלע גרעסערע געשעפטן זענען געווען געשלאָסן. קיינער איז נישט געווען זיכער אין דער רוסישער אַרמעע. די באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך געטוליעט צו איר, האָט זי נישט געהאַלטן פאַר אַ שוץ. מען האָט געוואוסט, אַז זי קען אַ ליאַדע מינוט מאַכן פיס און איבערלאָזן דעם בירגער אויף הפקר.

אויף יעדנס נאַז איז געהאָנגען אַ גרויסער פראַגעצייכן, וואָס האָט זיך געלאָזט איבערזעצן אין דריי אותיות: ווען? דאָס האָט געהייסן: ווען וועט זיך עס אָנהייבן? ווען וועט די אַרמעע נעמען לויפן? ווען וועט קומען די דעצידירנדיקע מינוט, וואָס מוז אומפאַרמיידלעך קומען? יעדער איז אַרומ-

געגאנגען מיט דעמדאָזיקן ווען אין די אויגן, אויף דער נאָז... דער גאנצער מענטש האָט אויסגעזען, ווי א פראַגעצייכן.

איך האלט פאר מיין הייליקסטן חוב צו דערמאָנען אויף די באשיידענע זייטלעך פון מיינע זכרונות דעם ליבן און חשובן דאָקטאָר סעגאַל, וואָס האָט מיט אזא דרייסטקייט און מסירת-נפש באשיצט און באשירעמט אין יענע פורכטלעע כע טעג די יידישע באַפעלקערונג אין ראָוונע. איך מיין, אז די אלע, וואָס זענען געווען פארבונדן מיט ראָוונע פון „יענע טעג", וועלן דאָס גאנצע לעבן מיט דאנקבאַרקייט דערמאָנען דעם דאָקטאָר סעגאל. ער איז עס געווען דער איינציקער מענטש, וואָס איז אין דער טונקעלער לופט פון באלאַגערונגס-צושטאַנד ארויסגעטראָטן אלס פארטיידיקער פון דער ראָוונער יידישער באפעלקערונג, און א דאנק זיין אינטערווענירונג ביי דער מאכט, איז נישט איינמאָל געלינדערט געוואָרן א גזירה, וואָס וואקסט אזוי גערן אויס אין אזאַ מין לופט.

צום דאָקטאָר סעגאל זענען געגאנגען מענטשן מיט צעבראָכענע הערצער, באליידיקטע און באַעוולטע און איבערגעשראָקענע, און כמעט יעדער איינער איז ארויס פון אים א געטרייסטער און א בארואיקטער. און אין ראָוונע האָבן זיך דעמאָלט אזויפיל מענטשן גענויטיקט אין הילף!

ס'איז כדאי צו באמערקן, אז צווישן אנדערע גזירות, וואָס די מיליטערישע מאכט האָט ארויסגעגעבן, איז אויך געווען די גזירה, אז די יידן זאָלן האלטן שבת אָפן די קראָמען. תחילת האָט עס שטארק דערשלאָגן די יידישע באפעלקערונג. שפעטער אָבער האָט דער שבתדיקער פדיון אזוי גוט פארשמעקט, אז מען האָט שוין געגומען האלטן שבת אָפן די קראָמען אפילו דעמאָלט, ווען די גזירה איז אָפגעשאַפט געוואָרן...

איך האָב מיך אומגעקערט צוריק קיין קיעוו. וואָס פאַר אַן אונטערשייד! אין ראָוונע — טויט, אומעט, שרעק. אין קיעוו — לעבן, באַוועגונג, גוטע געשעפטן. איך האָב זיך אָבער נישט געקענט פאַרבינדן מיט עפּעס אַ געשעפט און נאָך אַלץ געהערט צו די אויסוואַרטנדיקע, צו די „לויידיק-גייער".

עס איז אָבער מיאוס געוואָרן דאָס לויידיקגיין, דאָס אויס-וואַרטן, וואָס האָט גאָרנישט גענומען קיין סוף. עס איז גע-לאָפן אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך, און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר פאָרן צוריק קייז ראַוונע, און ווי גאָט וועט געבן, אַזוי וועט זיין.

אין ראָוונע וואַרפט מען באָמבעס און אין די גאַסן שפּאַצירט אַרום דער טויט, אָבער מיר האָבן דאָרט אונזער היים אונזער ווינקל, אונזער נעסט. בעסער אין דעם אייגע-נעם ציטערדיקן נעסט, איידער אויף אַ פרעמדער פרייליכער חתונה.

איך בין אַרויסגעפאָרן קיין ראָוונע און האָב זיך אָפּגע-שטעלט אין זשיטאָמיר, וואו איך האָב געטראָפן אַ באַקאַנטן ברוימייסטער פון לוצק. איך פרעג אים:

„וואָס רעכנט איר צו טאָן?"

זאָגט ער:

„איך ווייס אַליין נישט. איך בין אַנטלאָפן פון לוצק. ס'איז נישט גוט."

לייג איך אים פאָר:

„לאָמיר פאָרן צוזאַמען קיין ראָוונע. מיר וועלן פּרואוון פּראָדוצירן לייכטן ביר... איך מיין, אַז מען וועט עס אונז דערלויבן און ס'וועט זיין אַ גוטער עסק..."

„ווי צזוי וועט איר אָבער פּראָדוצירן דעם ביר", פרעגט ער, „איר האָט דאָך נישט קיין מאַשינעס? אייערע מאַשינעס זענען דאָך אַוועק קיין קורסק. דאָס געשעפט געפעלט מיר, אָבער איך ווייס נישט, צי איר וועט זיך קענען אַן עצה געבן מיט אַ דערלויבעניש און מיט אַנדערע זאַכן."

אין פלוג האָב איך געדאַרפט האָבן נישט מער ווי אַ פילטער, וועלכן מען האָט געקענט קויפן אין קיעוו. אָבער מען האָט געדאַרפט האָבן אַ דערלויבעניש אויף אַריינצופירן אים קיין ראָוונע, און דאָס איז שוין געווען זייער אַ שווערער ענין. פונדעסטוועגן האָב איך נישט פאַרלאָרן דעם מוט.

איך בין אַריינגעפאָרן קיין ראָוונע און האָב מיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט. איך האָב מיך געזען מיטן מאַרשאַלעק (ער האָט איצט געהאַט אַ גרויסע מאַכט אין ראָוונע) און האָב אים געבעטן, ער זאָל מיר דערלויבן אַראָפּצוברענגען דעם פילטער פון קיעוו און אויסצואַרבעטן לייכטן ביר. דער מאַרשאַלעק האָט אָנגעפרעגט דעם שטאַב וועגן דעם און האָט באַקומען אַן אָפּזאָג.

דער ווילן איז שטאַרקער, זאָגט מען, פון אַלע צוימען. איך האָב נישט רעזיגנירט פון מיין פּלאַן. איך האָב געטאָן, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון די מאַכטהאָבער, זיך פאַרבונדן מיט זייערע פאַרמיטלער (יעדער מאַכטהאָבער האָט דאָך זיינע פאַרמיטלער, משרתים און נאָכ־טענצער), ביז איך האָב פאָרט אַרויסגעקריגן דאָס נויטיקע פּאַפּירל, וואָס האָט געהייסן „פּאָזוואָלעניע"...

און ערשט דעמאָלט האָט מען זיך אָנגעהייבן רעכט צו שרעקן.

„ס'איז אַ משוגעת", האָט מען מיר געזאָגט, „אָנצוהייבן

אין אַ ראָווגע אַזעלכע געשעכטן. אינדערפרי פאַלן באָמבעס, בייטאָג זעלנער און בייגאַכט זעלנער... צווישן פראָנט-זעלנער פירט מען נישט קיין פאַבריקן..."

„מען מוז דאָך אָבער עפּעס טאָן", האָב איך געטענהט. „וויפל איז דער שיעור אַרומצוגיין ליידיק?"

איינער פון מיינע נאָענטע היימישע מענטשן האָט גע-זאָגט:

„זייער גוט, דו וועסט אַרויסלאָזן לייכטן ביליקן ביר. דו וועסט אַרבעטן. וואָס וועט אָבער זיין, ווען אַ פּאָר זעלנער וועלן זיך אָנשיכורן אפילו מיטן לייכטן ביליקן ביר? מיר וועלן דאָך האָבן אַ ווּיסטן סוף! דער שטאַב וועט אונז פּשוט אויפ-הענגען..."

„ער איז גערעכט", האָט אים אונטערגעהאַלטן אַ צווייטער מיטגליד פון אונזער פאַמיליע. „עס איז אַ לעבנסגעפאַר. מען טאָר זיך נישט אַריינלאָזן אין אַזעלכע געשעפטן".

איך האָב אָבער פּעסט געזאָגט:

„זאָל זיין, וואָס עס וויל — איך מוז אַרבעטן. איך קען נישט מער פּוסטעפּאַסעווען. בפרט, אַז עס נעמען זיך אויס די מיטלען צום לעבן... עס ווערט אַלץ ענגער און ענגער. עס וועט קומען אַ טאָג, ווען מיר וועלן בלייבן זיצן מיט ליידיקע קעשענעס פאַר אַ ליידיקן טיש און אַ ליידיקער קיך..."

„אָבער..."

„קיין שום אָבער! איך נעם די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף זיך. אַ דערלויבעניש האָב איך — און מער דאַרף איך נישט".

איך בין געווען אַזוי פאַרביטערט, אַז איך האָב שוין כמעט נישט געפילט דעם פּחד פון דרויסן, די אַעראָפּלאַנען מיט

די באַמבעס, דעם זעלנער און דעם פּראָנט. איך האָב זיך גע-
מוזט מאַטעריעל ראַטעווען.

אַלע שוועריקייטן, וואָס זענען מיר געשטאַנען אין וועג,
זענען ביסלעכווייז באַזייטיקט געוואָרן. איך האָב גוט גע-
שוויצט...

פון קיעוו איז מיט מזל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דער
פילטער. די התחלה האָט צוגעגעבן מוט. אַזוי ווי מיין הויז
איז געווען פאַרנומען פון אַ שטאַב, האָב איך געקראָגן צוויי
צימערן און זיך ווי עס איז איינגעאָרדנט. מען האָט איינגע-
מויערט אַ קעסל און מען האָט איינגעהאַנדלט אַ שקאַפע,
וואָס זאָל כסדר פּאָמפּען וואַסער. אין דעם גרויסן טאַראַראַם
פון דער עוואַקואַציע האָט מען אַפילו אָפּגעשיקט קיין קורסק
מיין וואַסערפּאָמפּע...

דער ברוימייסטער, וואָס איז געקומען מיט מיר פון זשי-
טאָמיר, אַ ייד, וואָס האָט איצט געקעבט אויף אַ פרעמדן
פּאַס, ווייל ער האָט געדאַרפט גיין צום פראָנט, האָט פאַרקנ-
טשעט די אַרבל און האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

די שקאַפּע האָט געפּאָמפּעט וואַסער, מען האָט אויסגע-
קאָכט די ערשטע פּאַרציע ביר אָן האָפּן, אָבער עס איז געווען —
„אַן אמת מעג מען דאָך זאָגן אַפילו אויף אַן אייגענעם טאַטן“ —
חלשותדיקער ביר, אָן אַ טעם און אָן אַ ריח... דערזען, אַז
ס'איז נישט זייער פייגלדיק, האָט זיך מיין ברוימייסטער אַראָפּ-
געלאָזט אין די טיפע קעלערס פון מיין ביר-זאַוואָד און האָט
דאָרט געפונען אַן אוצר פון אַלטן ביר — ביי אַ פּאָר טויזנט
עמער—וואָס מען האָט, קענטיק, פאַרגעסן אויסצוגיסן... עס איז
דאָך קלאָר, אַז מען האָט געמוזט נעמען אַ ביסל אַלטן ביר
און צוגיסן צו דעם נייעם, צו דעם וואַסערדיקן, וואָס האָט גע-
טראָגן דעם פיינעם נאָמען ל ײ כ ט ע ר ב י ר אָדער „פּיווצאָ...“

צוויאַרום איז געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט דער דאָזיקער צרטיקל, וואָס האָט געמאַכט אַ רושם אין אונזער געגנט.

די באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך געוואַלדיק אויסגעהונגערט נאָך אַ טראָפּן משקה, האָט זיך איצט צרויפגעוואָרפן מיט דער גאַנצער זשעדנעקייט אויפן ביר. מען האָט אים געכאַפּט, ווי מען זאָגט, „ווי מצה-וואַסער". מען איז בוכשטעבלעך געשטאַנען אין „אָגאָנקעס". אַרום אונז האָט זיך תמיד געטומלט, ווי אויף אַ יריד.

אַזוי ווי עס האָבן זיך באַוויזן שכורע זעלנער אין גאַס, וואָס זענען צרויס פון זעלנערישן גדר, איז אַראָפּגעקומען צו אונז די מיליטערישע זשאַנדאַרמעריע. דער היימישער עולם האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן, דערזעענדיק דיזאָזיקע אומגעבעטענע געסט. איך האָב זיך אָבער נישט פאַרלאָרן און האָב מיך מיט זיי גוט אויסגעטענהט.

און עס איז געוואָרן רעכט. דאָ, וואו עס האָט נישט געהאָלפן קיין וואָרט, האָט געהאָלפן עפּעס אַנדערש, און מען האָט מיר קיין שום בייז נישט געטאָן. דער זאַוואָד פון „לייכטן ביר" האָט כסדר פונקציאָנירט און האָט מהיה געווען נישט נאָר די שטאָט, נאָר אויך די אַרומיקע ישובים און דערפער.

אין מיין לעבן האָב איך נישט געזען אַזאַ שטאַרקן כסדרדיקן שטראָם פון פדיון, ווי דעמאָלט, אין דעם שווערן ווינטער 1916.

אַזוי ווי אַ מענטש וואַרט צו אַלץ געוויינט, זענען מיר פּאַוואָליע אויך צוגעוויינט געוואָרן צו דעם פרימאָרגנדיקן כיבוד, מיט וועלכן מען האָט אונז מכבד געווען פון די דייטשישע אָפּעראַטאָרן. אויב דאָס הארץ האָט געכאַפּט ציטערן עטוואָס שטאַרקער, זענען מיר אַראָפּגעלאָפן אין די טיפע קע-

לערן אונזערע און דאָרט איבערגעוואָרט די פרימאָרגנדיקע באָמבעס...

אין דער מנוחה פון ראַמען וואָלט עס מיר אויסגעזען נישט בלויז משונה, נאָר אויך משוגע זיך צו באַזעצן אין ראָוונע, אינם פחד פון פראָנט. איצט, אַז איך האָב זיך פאָרט איינגענעסטיקט אין דערדאָזיקער שטאָט, האָט דער פחד שוין נישט געקענט האָבן אַזאַ שליטה איבער מיר.

„אַז מען פאַרדינט", זאָגט אַ ראָוונער ייד, „קען מען זיך שוין פאַרגינען אַ ביסל פחד אויך..."

מיר האָבן געפראַוועט אַ פריילעכן פסח. צום סדר האָבן מיר צווישן אַנדערע אויך איינגעלאַדן אַ פּאָר מיליטערישע דאָקטוירים, יידן. עס איז געווען אַ פיינער סדר מיט קנייד-לעך, מיט וויינען, אָבער אויך מיט הגדה...

די מיליטערישע דאָקטוירים, וואָס זענען געזעסן בײַם טיש אין זייערע אָפיצירישע מונדירן מיט די בלישטשענדיקע קנעפּ און זילבערנע עפּאָלעטן, האָבן גאַנץ געשמאַק געזאָגט די הגדה.

אונזער חד-גדיא האָט פאַרהילכט די ראָוונער שטומע געסלעך, און אויב דער דייטש האָט זיך נישט איבערגעשראָקן פאַר אונזערע קולות, איז עס מסתמא נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט שוין פריער געהאַט צוגעגרייט אַ היפשן רעזערוו און אַ רעכטע פאָרציע האַרמאַטן...

יעקע איז דאָך אַלעמאָל געווען אַ צוגעגרייטער, אַ פּאַר-טיקער.

דאָס זענען געווען ליבע סדרים, אומפאַרגעסלעכע, וואָס זענען געפּראַוועט געוואָרן נישט ווייט פון די אָקאָפּעס, מיט פאַר-באָרגענעם ליכט, מיט עטוואָס אָנגעשפּיצטע אויערן, דערפאַר

אָבער מיט וואַרעמע הערצער, כמעט צוגעטוליעט צו איינאַנ־דער...

הגם ראָוונע האָט נישט געהערט צו שפּאַניע און די צייט איז אויך געווען ווייט אָפּגערוקט פון מיטלאַלטער, פונ־דעסטוועגן האָב איך געפילט אין רעמדאָזיקן סדר אַ מין ריח פון שפּאַניע, אַ ווינטל פון מיטלאַלטער...

אַזוי ווי יענע שפּאַנישע יידן, זענען מיר אויך געווען פאַרבאָרגן מיט אונזער ליכט און שמחה פון דעם אימהדיקן דרויסן, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס מיר האָבן זיך נישט געשראָקן מיט אונזער יידישקייט. פאַרקערט, די אַרומיקע געסלעך האָבן געהערט אונזערע מוטיקע הגדה־קולות...



# קאַפּיטל XII

אונטער קוילן. — אַלע מלחמה־שותפים פון דייטשלאַנד גייען אונ־טער אין מאַרקע: דער דייטש. — די שטענדיקע טעמע אין ראַוונע. — מען הערט אויפן ענדגילטיקן אָנגריף. — מען זאָגט, אַז מען דאַרף זיך באַצייטנס אָפּטראָגן פון ראַוונע. — שמועסן, וואָס ווירקן ערגער, ווי באָמבעס. — אין קיעוו. — אַ לאַפּאַסיקער אָפּמאַך מיט צוויי הונדערט ציגאַרן. — איך פיל מיך, ווי אין אַ קינאָ מיט אומגעריכטע בילדער. — אונזער חשבון צון דער ראַוונער פראָנט. — ברוסילאָוו.—זיין שטאַרקער אָנגריף. — די שטאָט שטייט אויף תחית־המתים. — מען פירט סוויונטער געפאַנ־גענע. — געפאַנגענע, וואָס מאַכן אַן איינדרוק פון געסט. — וואָס ייִדן שמועסן. — דייטשישע געפאַנגענע. — זייער מרי־הלע אין קלעזאַן. — אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרביסענע ליפּן. — ייִדישע התפּעלות פאַר דעם, וואָס שטאַמט פון האַס צו יענעם. — איוואַנאָוו גייט אַוועק. — דאָס „נקמה“־געפיל. — מען קען שוין לעבן אין ראַוונע. — מען הערט ווי אַ מענטש לאַכט. — מענטשן מיט לויטערע פּנימער.

אַ מענטש קען זיך איינלעבן און איינאָרדענען אונטער קוילן, אָבער ער וועט זיך קיינמאָל נישט קענען איינלעבן און איינאָרדענען, האָבנדיק דעם געדאַנק, אַז ער דאַרף היינט, מאָרגן אָדער אין אַ וואָך, צי אין אַ חודש אַרום אַוועקגיין פון דעם אָרט, וואו ער האָט זיך באַזעצט.

אָט דער געדאַנק האָט מיך תמיד באַאומרואיקט, צערויס-געפירט פון גלייכגעוויכט, פּאַראַליזירט די ענערגיע. אין ראָווגע האָט מען שטענדיק געפרעגט איינאַנדער:

„ווי מיינט איר, ווי לאַנג וועט זיך נאָך האַלטן די שטאָט?"

דער פּעסימיסט האָט געזאָגט:

„ביי מיר איז רעכט, אַז דער דייטש וועט מאָרגן אַריינגיין אַהער... ער האָט דאָך נישט ווייט צו גיין".

מערקווירדיק: די מלחמה-שותּפים פון דייטשלאַנד, ווי עסטרייכער, בולגאַרן, טערקן זענען ביי דער באַפעלקערונג באַצייכנט געוואָרן מיט איין קורצן נאָמען — דער דייטש...

דער סקעפּטיקער האָט משער געווען:

„דער דייטש וועט זיכער נישט לאָזן לאַנג וואַרטן אויף זיך. אַ חודש, צוויי — און מיר וועלן אים דאָ האָבן..."

די צוויי, דריי מענטשן, וואָס האָבן געגלויבט אינם רוסישן געווער, האָבן געטענהט, אַז דער ראָוונער פראָנט איז געוואַלדיק באַפעסטיקט און באַוואָרנט און אַז דער דייטש וועט נאָך האָבן גוט צו זינגען און צו זאָגן, ביז ער וועט אים אַדורכברעכן.

די לצים, ווידער, האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן שוין געזען דעם דייטש אין אַ ראָוונער הינטערגעסל...

דידאָזיקע טעמע איז קיינמאָל נישט אַראָפּ פון דער צונג. נאָך פּסח, ווען די מהיהדיקע פרילינגזון האָט אַראָפּגעווישט די שנייצן פון די פעלדער, האָט מען די טעמע גענומען קייען נאָך מיט מער חשק און ענערגיע, ווי אַן אַנדערש מאָל.

„ווינטער האָבן די פרעסט געצוימט דעם דייטש", האָט מען געזאָגט. „איצט וועט ער ערשט אָנהייבן דעם ריכטיקן אָנגריף אויפן רוסישן פראָנט..."

„דער דייטש הייבט אַלעמאָל אָן זיין אָפענסיווע נאָך פסח, ווען עס ווערט וואַרעמער.“

וואָס איז דערפון געדרונגען?“ האָט עמעץ נאַיוו געפרעגט.

„דערפון איז געדרונגען“, האָט מען אים געענטפערט, „אַז מען דאַרף זיך באַצייטנס אָפטראָגן פון ראָווגע...“

„עט! נישטאָ זיך וואָס צו איילן“, האָט עמעץ מוטיק אַ זאָג געטאָן. „אַנטלויפן וועט מען אַלעמאָל קענען. פון כאַפעניש און יאָגעניש קומט קיינמאָל קיין גוטס נישט אַרויס.“

אַן עלטערער ראָוונער באַלעבאָס, וואָס שפּאַצירט תמיד אַדורך די גאַס מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און איז משער דעם מצב פון פראָנט לויט דער באַוועגונג פונם מיליטער, האָט זיך האַרב אָנגערופן:

„ראָוונע איז שטאַרק באַפעסטיקט. ווען דער דייטש וועט זיך אַ וואָרף טאָן מיט זיינע האַרמאַטן אויף ראָוונע, וועט זיך דאָ אָפּטאָן גאָט ווייס וואָס. פּאַנקע וועט שטעלן אַ ווידער־שטאַנד און די שטאָט וועט אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד. עס וועט נישט בלייבן קיין איין גאַנצער שטיין אין גאַס“.

„און דעריבער?“

„און דעריבער דאַרף מען זיך טאַקע באַצייטנס אָפּטראָגן פונדאַנען... אַזוי מיין איך“, האָט דער ראָוונער באַלעבאָס פאַר־ענדיקט מעשה־אויטאָריטעט.

דידאָזיקע שמועסן האָבן געווירקט אויפן געמיט ערגער, ווי די באָמבעס, בפרט נאָך, אַז ס'האָט זיך געפילט אין זיי אַ שטיק אמת.

צו יענער צייט בין איך צוריסגעבאָרן געשעפטלעך קיין קיעוו און דאָרט האָב איך מיך געטראָפן מיט ה' גערע, דעם ברוימייסטער פון שולצעס ביר־זאַוואָד.

מיר האָבן געשמועסט פון ראָוונע, פון ראָוונער פראָנט, פון די דייטשן. איך האָב געזאָגט:

„ראָוונע וועט באַלד פאַרנומען ווערן און איך וועל ווי־דער מוזן נעמען דעם וואַנדערשטעקן אין דער האַנט אַריין. אַך, דערדאָזיקער שטעקן איז מיר זייער נמאס געוואָרן".

ה׳ געדע האָט זיך צעלאַכט.

„עס רעדט זיך אַ סך לייכטער, ווי עס טוט זיך", האָט ער געזאָגט. „דער דייטש נעמט נאָך נישט ראָוונע. ער האָט גרעסערע דאגות אויפן קאָפּ, ווי ראָוונע".

„וואָס רעדט איר?" האָב איך מיך אָנגערופן. „איר זענט נישט גוט באַקאַנט מיט דעם דאָרטיקן מצב. ראָוונע האַלט זיך אויף הינערשע פיסלעך. אירע טעג זענען געציילטע..."

„עס דאַכט זיך אייך", האָט ער געשמייכלט. „פון די הינערשע פיסלעך, אויף וועלכע ראָוונע האַלט זיך, הער איך שוין חדשים־לאַנג, און גאָט צו דאַנקען, ראָוונע האַלט זיך נאָך אַלץ..."

אַזוי ווי איך האָב מיך נישט געקענט שפּאָרן מיט דעמ־דאָזיקן מענטשן, ווייל מיר האָבן גערעדט בלויז מיט השערות, האָב איך מיך אָנגערופן אין שפּאַס:

„איך מאַך מיט אייך אַזאַ מין געשעפט: שרייבט אָן ווילהעלמען, אַז ער זאָל לאָזן ראָוונע צורו, לפּחות, ביז דעם 15־טן מאַי און דערפאַר קריגט איר אַ מתנה צוויי הונדערט גוטע ציגאַרן..."

„ס׳איז געמאַכט!" האָט ער מיר פריילעך אויסגעצויגן די האַנט. „ביז דעם 15־טן מאַי בלייבט איר רואיק זיצן אין ראָוונע..."

מען דאַרף אָננעמען, אַז ה׳ געדע איז נישט געווען אַזאַ געוואַלדיקער מכשף, אַז ער זאָל קענען ווירקן אויפן דייטשישן

שטאָב, אָבער ראָוונע איז נישט געפאַלן ביז דעם 15-טן מאַי און איך האָב געמוזט האַלטן וואָרט און ארויסשיקן ה' געדען צוויי הונדערט ציגאַרן, ווי מיר האָבן אָפּגעמאַכט...

אין יענער צייט האָב איך מיך געפילט אַזוי, ווי איך וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ קינאָ אָן אַ פּראָגראַם אין דער האַנט. איך זיץ און קוק אויפן עקראַן, ווי עס טוישן זיך בילדער נאָך בילדער, אָבער איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ בילד עס וועט געוויזן ווערן אין צוויי מינוט אַרום. לויט מיין חשבון דאַרף איצט קומען אַ שלאַנקער יונגערמאַן מיט אַ צעבראָכן האַרץ און טראַגיש-פאַרגלאָצטע אויגן, ווייל די געליבטע האָט אים פאַרלאָזט. דער יונגערמאַן וועט אַוודאי וועלן באַגיין זעלבסטמאָרד. ער וועט זיך אַוועקזעצן ביים טיש, וועט אַרויסנעמען פון קעשענע אַ רעוואָלווער און וועט אָנהייבן שרייבן אַ געזעגנסבריוו צו זיינעם אַ פעטער, וואָס האָט אים דערצויגן...

אָבער עס לויפן איבער די צוויי מינוט, און אָנשטאָט דעם פאַרצווייפלטן יונגנמאַן, וואָס וויל באַגיין זעלבסטמאָרד, דערזע איך גאָר אַן אומענדלעך פעלד מיט אַן עקספּרעס-צוג אינדערמיט און אויפן דאַך פון אַ וואַגאָן ראַנגלט זיך אַ פּאָליציאַנט מיט אַ געפערלעכן באַנדיט... ווי קומט אַהער פּלוצלונג דער עקספּרעס-צוג און דער באַנדיט? האָט זיך דער שלאַנקער אומגליקלעכער יונגערמאַן פאַר דער קורצער צייט פאַרוואַנדלט אין אַ געפערלעכן באַנדיט? איך שטרענג אָן דעם שכל און די אויגן, אָבער איך פאַרשטיי נאָך גאָרנישט...

איך האָב נישט געהאַט אין דער האַנט קיין מלחמה-פּראָגראַם און איך האָב דעריבער נישט געוואוסט, וואָס עס דאַרף געשען אויפן ראָוונער פראָנט אין אַ טאָג אָדער צוויי אַרום. לויט מיין חשבון האָט ראָוונע געגוססעט און האָט גע-

דאָרפט באַלד פאַלן, אָבער אָנשטאָט דעם האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן ברוסילאָוו און מיט פרישע פאַרשטאַרקטע קרעפטן גע־מאַכט אַן אָנגריף אויפן עסטרייכישן פראָנט.

דאָס גאַנצע בילד האָט זיך באַלד געענדערט. דער טויטער ראָוונער פראָנט, נאָך וועלכן מען האָט שוין לאַנג אָפּגעזאָגט קדיש, איז מיטאַמאָל אויפגעשטאַנען פון קבר. דריי טעג האָט געדונערט און געבליצט אַרום ראָוונע. מיר האָבן זיך געפילט, ווי אין אַ קראַטער פון אַ פייערשפּייענדיקן באַרג. מיר האָבן געהערט דאָס דונערן פון האַרמאַטן, דאָס קנאַקן פון ביקסן, דאָס קלאַפּן פון קוילנוואַרפער. ביסלעכווייז האָט זיך אָבער אַלץ דערווייטערט דידאָזיקע סימפאָניע, און אין דריי טעג אַרום איז אַלץ שטיל געוואָרן. ברוסילאָוו האָט אָפּגעוואָרפן די עסטרייכער אויף אַ שטח פון העכער הונדערט קילאָמעטער.

מען האָט אָנגעהייבן פירן געפאַנגענע. מען האָט זיי געשלעפט אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף. עס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלטן געגאַנגען אין געפאַנגענשאַפט גאַנצע פעלקער. דער עיקר זענען עס געווען טשעכן, סלאָוואַקן, פּאָליאַקן. זיי זענען געגאַנגען מיט אויפגעהייבענע קעפּ, פריילעכע, מונטערע, פּונקט ווי זיי וואָלטן געקומען אין געסט.

די שיטערע ראָוונער באַפעלקערונג האָט זיך אַרויסגעשאָטן אויף דער גאַס. מען האָט געקוקט אויף די געפאַנגענע, די געפאַנגענע האָבן געקוקט אויף דער נייגיריקער באַפעלקערונג. די ערשטע האָבן אויסגעזען מונטערער, ווי די לעצטע.

בייז און אָנגעכמורעט זענען נאָר געגאַנגען די אונגאַרן און די עסטרייכישע דייטשן. דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, די ליפּן פאַרפרעסט. עפּעס אַן אינערלעכע פיינלעכע בושה האָט זיי געצוימט די טריט.

צווישן די אומענדלעכע מחנות געפאַנגענע האָבן מיר נישט געזען קיין דייטשישע אוניפאָרם. אַלץ עסטרייכער, עסטרייכער...

„וואו זענען די דייטשן?" האָט מען זיך געפרעגט.

„די דייטשן, ליבע יידעלעך, נעמט מען נישט געפאַנגען. מען בריט זיך אָפּ די הענט, ווען מען רירט זיך צו צו זיי..." האָט עמעץ געענטפערט.

איינער פון די ראָוונער סטראַטעגיקער האָט מיט טיפער באַדויערונג געזאָגט:

„און איך האָב אַזוי געוואָלט זען אַ דייטש... איך האָב אַזוי געוואָלט זען, ווי אַזוי איז ער אָנגעטאָן, ווי אַזוי ער פאַרהאַלט זיך..."

„וואָס איז דער אונטערשייד?" האָט עמעץ מיט ביטל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. „אַ דייטש, אַן עסטרייכער, אַ פראַנצויז. זיי מעגן אַלע איינגעמען אַ כפּרה מיט זייערע מלחמות צוזאַמען."

„ע, זאָגט דאָס נישט", האָט דער ראָוונער סטראַטעגיקער זיך אָנגערופן מיט באַליידיקונג. „דער דייטש קען די מלאכה, ער יוכלט... איר זעט דאָך: ער שלאָגט זיך מיט אַ גאַנצער וועלט און קיינער קען אים נישט בייקומען... אָט דאָס הייסט אַ פאָלק!"

פונדעסטוועגן האָט ראָוונע דערלעבט צו זען אויך געפאַנגענע דייטשן. די ראָוונער סטראַטעגיקער זענען געשטאַנען און געגאַפט. דאָס זענען געווען ביי אַ פיר הונדערט דייטשן. מען האָט זיי געפירט ערשט אין עטלעכע שעה אַרום נאָך די טשעכן און סלאָוואַקן.

אין קלעוואַן, נישט ווייט פון ראָוונע, האָבן זיי געמאַכט אַ קליינע מרידה. זיי האָבן געפאָדערט פורן.

„מיר זענען מיד״, האָבן זיי געטענהט, „און מיר קענען נישט גיין צופוס.״

„איר וועט בעסער ווערן און איר וועט יאָ גיין,״ האָט מען זיי מיט רוגזה געזאָגט.

„ניין, מיר וועלן נישט בעסער ווערן!״ האָבן זיי זיך געהאַלטן ביי דאָס זייעריקע.

עס איז געקומען צו אַ שאַרפן סכסוך אין קלעוואַן. די דייטשן האָבן זיך געזידלט און נישט געוואָלט גיין. מיט געפאַנגענע צערעמאָניעט מען זיך אָבער נישט. מען האָט געבראַכט קוילנוואַרפער, און די דייטשן האָבן גענומען גיין...

זיי זענען אַדורכגעגאַנגען ראָוונע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי געפאַנגענע וועלף. קיינער פון זיי האָט נישט אויפגעהייבן די אויגן. אַרום זיי איז געווען שטיל, און עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס קלאַפּן פון זייערע נעגלדיקע שטיוול מיט קורצע כאָליעוועס. אַפילו די רוסן, וואָס האָבן זיי געפירט, האָבן אַרויסגעוויזן אַ געוויסן אָפּשיי פאַר זיי...

די ראָוונער יידן, אַלט און יונג, האָבן נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון דערדאָזיקער גרויער און פאַרשטויבטער מחנה, וואָס איז מיט אַזאַ פאַרביסנקייט געגאַנגען אין געפאַנגענשאַפט.

„העלדן איינע אין איינע...״ האָבן יידן געשעפּטשעט צווישן זיך.

„איר זעט נאָר, ווי מען גייט... אַפילו אין געפאַנגענשאַפט האָט מען נישט פאַרלאָרן דעם מיליטערישן טריט.״

„וואָס גלייבט איר זיי צו פאָנקען״, האָט עמעץ מיט שטאָלץ געזאָגט. „פאָנקע קען דאָך אַ פוס נישט שטעלן, ווי נעהעריק... פאָנקע גייט דאָך, ווי, אַ קאַטשקע...״

„ווי אַ גאַנז.״

„ווי אַן אינדיק.“

„ווי מיינט איר, דאָס זענען פּרוסאַקעס, צי בייערן?“ האָט עמעץ נייגיריק געפרעגט.

איינער פון די ראָוונער סטראַטעגיקער האָט מיט גרויס חשיבות געענטפערט.

„מסתמא פּרוסאַקעס... איר זעט דאָך: אייזערנע מענטשן...“

„טאַקע, ווי פון אייזן געגאָסן“, האָבן אַלע צוגעשטימט.

די יידישע התפעלות פאַר די דייטשן איז אין פלוג אויסגעוואַקסן אויפן פּרוכטבאַרן באָדן פון האַס צו דעם רוסישן רעזשים און צו מאַנכע רוסישע מלחמה־פירער. מען האָט זיך אַנטציקט מיט דער דייטשישער גבורה, ווייל מען האָט ביז ווייטיק געהאַסט די איוואַנאָווס, די יאַנושקעוויטשעס און זייער גלייכן.

איוואַנאָוו איז שוין, גאָט צו דאַנקען, אַוועק פון אונזער פראָנט. מען האָט דידאָזיקע פרי איבערגעזעצט ערגעץ אַנדערש *). די איינציקע „נקמה“, וואָס מיר האָבן דערלעבט אין דעמדאָזיקן מענטשן, איז געווען דאָס, וואָס די מפּלות זיינע האָבן אים געשמיסן אין פּנים, ווי ריטער. וואָס טויג אַ גענעראַל, אַן אַרמעע־פירער מיט מפּלות? און איוואַנאָוו איז געווען אַזאַ גענעראַל.

אין ראָוונע האָט מען איצט געקענט פרייער אָפּאָטעמען, און דאָס האָט זיך גלייך געלאָזט מערקן אויף די מענטשן אין גאַס, אין די געשעפטן, אין די הייזער. מען האָט שוין דערלעבט צו הערן, ווי ראָוונער יידן לאַכן, הייבן אויף דעם קאָפּ, גייען מיט זיכערע טריט.

ביינאַכט האָט מען שוין נישט פאַרשטיקט און פאַרבאַ־

*) איוואַנאָוו איז, דאַכט מיר, איבערגעגאַנגען אין דער הויפּט־קוואַרטיר.

האַלטן דאָס ליכט און אינדערפרי האָט מען זיך נישט גע-
שראָקן פאַר פאַלנדיקע באָמבעס. די שטאָט האָט זיך אַלץ
מער און מער אויסגעלייטערט פון פחד, ווי דער הימל פון
וואָלקנס, פון כמאַרעס.

„נו, איצט קען מען שוין לעבן", האָט מען זיך געזאָגט.

„איבערגעקומען אַזויפיל יסורים", האָט אַ צווייטער באַ-
מערקט.

„און איר זענט שוין טאַקע זיכער, אַז דאָס איז דער
סוף, אַז מער וועט מען שוין נישט דאַרפן ליידן?" האָט
עמעץ געפרעגט.

און עמעץ האָט געענטפערט:

„קיין זיכערקייט איז אינגאַנצן נישטאָ. זיכערקייט איז
דאָ נאָר ביי גאָט... אָבער אַ שטיקל הפסקה אין די צרות
איז דאָס יאָ? און דערפאַר קומט אויך אַ שיינעם דאַנק דעם
אויבערשטן..."

דעמדאָזיקן דאַנק האָט מען איבערגעשיקט דעם בורא-
עולם דורך די הייסע תפילות אין די שולן און די בתי-
מדרשים. יידן האָבן געשמאַק געדאַוונט.

מיט יעדן טאָג איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטיין פון דער
גרויסער משא, וואָס יעדער איינער האָט לעצטנס געשלעפּט
אויפן מידן רוקן. די פּאָסט, דער טעלעגראַף האָבן אָנגעהייבן
נאָרמאַל צו פונקציאָנירן. דער אַריינפאָר און אַרויספאָר איז
פאַרלייכטערט געוואָרן. דאָס פּנים פונם רוסישן זעלנער האָט
פאַרלאָרן די פריערדיקע אָנגעברוגזטקייט און אָנגעכמורעטקייט,
וואָס האָט אַזוי געשראָקן דעם פרידלעכן מענטשן.



# קאַפּיטל XIII

ראָוונע אַ הינטערפּראָנט-שטאָט. — פריילעך אין גאַס און פריילעך אין קעשענע. — צוריק די אַלטע רעגירונגס-אינסטיטוציעס. — געעפנט די קאַמערצשולע. — איך בין דער איינציקער ייִדישער גלאַסני. — מיר פאַרלאָזן דעם מושב-זקנים. — די דייטשן ביי ווערדען. — די כסדרדיקע מאָביליזאַציעס אין רוסלאַנד. — מען נעמט אַלט און יונג. — דער אומגעזעטיקטער גאָט פון מלחמה. — מיין ברודער פון קענע. — דער מלחמה-שפרונג. — פּאַניע הענגט און שיסט, דער דייטש טויט דורך הונגער. — ליובטש און די וועלט-מלחמה. — אַ גאַנץ שטעטל גייט אונטער. — אַ ך פאַר קיין ליובטש, — אַנדערע הייזער, אַנדערע מענטשן. — מיט דעם דזשאָינטס הילף. — רירעוודיקע מענטשן. — אַ שפּאַציר איבער די ליובטשער געסלעך. — ר' ארקע דער שמיד און זיין פאָטער. — מענטשן פון פרומקייט און פון פראַצע. — אַ זקנה מיט אויפגעלאָשענע אייגן. — אַ פּאַסיקער אָרט פאַר אַ חשבון-הנפש. — אַ קוריאָז. — דעלעגאַציעס. — אַלטע מנהגים. — מיין דרשה. — איך פאָר אַהיים.

ראָוונע האָט זיך ווידער פאַרוואַנדלט אין אַ הינטערפראָנט מיט גרויסע רוישיקע געשעפטן, מיט טומל און הוהאַ. עס איז געווען אַ פרייליכער זומער, פריילעך אין גאַס און פריילעך אין קעשענע.

אַלע רעגירונגס-אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך פריער דורך עוואַקואַציעס אַרויסגעגנבעט פון שטאָט, האָבן זיך ביס־

לעכוויז צוריק געעפנט. דער מאַגיסטראַט האָט זיך מיט גרויס פּאָמפּע צוריק אוועקגעזעצט געוועלטיקן איבער דער ראָוונער באַפעלקערונג. מיר האָבן גענומען טראַכטן פון אונזער קאָמערצ-שולע, אַרויסגעשיקט געלט דעם דירעקטאָר פון דער שולע, וועלכער האָט זיך געפונען אין מאָסקווע און אַראָפּגעבראַכט אים צוריק קיין ראָוונע. עס האָבן זיך אָנגעהייבן די לימודים.

עס זענען געווען בערך 350 תּלמידים, צווישן זיי צוויי דריטל פאַרמעגלעכע, וואָס האָבן געצאָלט פאַרן לערנען און איין דריטל האָט מען אינגאַנצן באַפרייט פון שכר-לימוד.

איך בין דעמאָלט געווען דער איינציקער יידישער גלאַסני אין שטאָט און בין געווען שטאַרק פאַרשמייעט מיט קהלשער אַרבעט, מיט יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. צווישן אַנדערע האָט מען געדאַרפט רעכט פאַרלאַטען דעם מושב-זקנים, וואָס איז זיך גאָר צעפאַלן אין דער לעצטער צייט. פרוי ג., געדענק איך, האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט ביים מושב-זקנים, און זי פאַרדינט אוודאי אַ גרויסן יישר-כוח פון דער ראָוונער יידישער באַפעלקערונג.

די דייטשן האָבן זיך אינגאַנצן פאַרגעסן אין אונזער פראָנט. זיי האָבן דעמאָלט געפירט זייער געוואַלדיקע איבער-מענטשלעכע אַטאַקעס ביי ווערדען, וואו זיי האָבן אַוועקגעלייגט אַזויפיל יונגע לעבנס. מען האָט שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פאַרשלעפטן קריג, וואָס קיינער קען נישט פאָרויסזען זיין סוף.

רוסלאַנד האָט כסדר מאָביליזירט זיין באַפעלקערונג. מען איז אַלץ מער און מער געקומען צו די העכערע יאָרן. מען האָט שוין גענומען אין מלחמה אַריין 45-יאָריקע מענטשן, בעל-דיקע, פאַרדאגהטע, אַרטרעטיזירטע, וואָס האָבן זיך אַזוי גע-

טויגט פאַר די אָקאָפּעס, ווי, לאָמיר זאָגן, פאַר דאַנסינג-טענץ...
מען האָט זיי געשלעפּט און זיי האָבן געמוזט גיין.

מען האָט אויך גענומען שלעפּן אין די מיליטערישע קאָ-
מיסיעס יונגע בחורימלעך, וואו מען האָט זיי אונטערזוכט, צי
זיי טויגן זיך אין מלחמה אַריין... טאַטעס, מאַמעס האָבן גע-
וויינט, קינדער האָבן געוויינט. מען האָט געשלעפּט טאַטעס און
מען האָט געשלעפּט קינדער. מיליאָנען מענטשן האָט מען מקריב
געווען אויפן מלחמה-מזבח, און ס'איז נאָך געווען ווייניק. דער
אומגעזעטיקטער גאָט פון מלחמה האָט געהאַלטן אין איין
פאָדערן נאָך און נאָך...

מיין ברודער פון קענע האָט מיך אין די ערשטע מלחמה-
חדשים, ווען ראָווגע האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקן פאַר
אַן עסטרייכישן אָנגריף, גערופן צו זיך. ער האָט געשריבן, אַז
ביי אים איז רואיק, שטיל, און מען קען אַדורכשטופּן אָן פּחד
די מלחמה-צייט. ער האָט אויפריכטיק געמיינט, אַז די מלחמה
איז אַזאַ לאַנגקריכנדיקע באַשעפעניש, וואָס וועט זיך נישט
פאַרשלעפּן צו אים קיין קענע. אין קענע איז נישטאָ וואָס
מורא צו האָבן פאַר דער מלחמה.

די מלחמה האָט אָבער דערלאַנגט אַ פּאָר געפעדערלעכע
שפּרונגען — פון די קאַרפּאַטן קיין וואַרשע און פון וואַרשע
קיין ווילנע. קענע איז שוין געשטאַנען נישט ווייט פון מלחמה-
פייער. מיין ברודער מיט זיין פאַמיליע האָט זיך געמוזט אַרי-
בערפּעקלען פון דאָרט ערגעץ אַנדערש. ער איז אַריינגעפאָרן
קיין ווילנע מיט דער כוונה דאָרט „איבערצודייטשן", דאָס
הייסט איבערצוּוואַרטן אין ווילנע די דייטשישע אָקופּאַציע. סוף-
כל-סוף האָט מען זיך אָבער געשראָקן פאַרן דייטש נישט ווייניקער
ווי פאַר פאָניען.

עס איז שוין דעמאָלט פאַר קיינעם קיין סוד נישט גע-

ווען, אז דער דייטש גייט אויס פון הונגער און אז ער קוועטשט און פרעסט אויס פון יעדער אָקופּירטער שטאָט און שטעטל אַלץ, וואָס איז נאָך געבליבן דאָרט צו עסן. מען האָט געוואוסט, אַז אונטער זיין מאַכט ווערן מענטשן קראַנק פון הונ־גער און שטאַרבן פון הונגער... ביי פּאָניען ווערט מען צע־שמעטערט אונטער זיין שטיוול, אָדער מען זיצט אין תּפיסה אָדער מען הענגט אויף אַ בוים ביים טראַקט, און ביים דייטש ציט מען אויס די פיס פון הונגער. דער סך־הכל איז אין פּלוג דערזעלבער: דאָ פיין און טויט און דאָרט פּיין און טויט...

מיין ברודער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה. ער איז געזעסן אין ווילנע און האָט מורא געהאַט פאַר אַ הונגערטויט, פאַר דלות, פאַר נויט. האָט מען דאָך אויך געוואוסט, אַז דער דייטש גיט נישט צו פאַרדינען און אַז אונטער זיין מאַכט שטאַרבן אָפּ אַלע געשעפטן.

צולעצט האָט מיין ברודער אַפילו געוואָלט אַרויספאָרן מיט דער פאַמיליע קיין ליובטש. דאַרף מען דען האָבן אַ שטי־לער שטעטעלע, וואָס ליגט אין אַ זייט פון דעם גאַנצן מלחמה־טאַראַראַם און מען קען זיך טאַקע דאָרט אויסרוען די ביינער, פאַרגעסנדיק אין אַלע פּחדים, וואָס מען האָט איבערגעלעבט די לעצטע צייט?

און שטיל איז געווען אין ליובטש. יידן האָבן זיך רואיק געפאָרעט ביי זייערע גראָשנדיקע מסחרים אָדער מלאכות, גע־קראַצט זיך אין די געדיכטע בערד אַריין, געגאַנגען דאַווענען אין בית־מדרש, געהערט אַ מגיד, געשמועסט פון פּאָליטיק, פון דער מלחמה, געזופט דעם מאָגערן קרופּניק צום מיטאָג, די נאָך מאָגערע וועטשערע אין אָוונט, געלייענט קריאת־שמע, אַ ביסל צוגעקרעכצט, אַ ביסל צוגעגענעצט און נאָכדעם פאַרזונקען אין דעם טיפן ווארעמען ליובטשער שלאָף.

די מלחמה האָט אָבער אויך דערגרייכט דעמדאָזיקן שטילן ווינקל, וואָס איז אַזוי ווי פאַרגעסן געוואָרן פון גאָט און פון לייט. נישט ווייט פון ליובטש איז דער ניעמאַן, און בײַם ניע־מאַן האָבן זיך אָפּגעשפּילט שווערע פאַרכיסענע קאַמפן. די דייטשן האָבן פאַרנומען ליובטש. די באַפעלקערונג איז גאָר צעמישט געוואָרן. איך מיין, אַז פאַר דער צייט, וואָס ליובטש עקזיסטירט אויף אונזער זינדיקער וועלט, האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזאַ מין דונערן פון האַרמאַטן, אַזאַ מין רעש פון פלאַנדיקע באָמבעס מיט אויסגעריסענע שטיקער ערד... אויף דעמדאָזיקן שטילן שטעטעלע האָט זיך, ווי אַ שווערע שוואַרצע כוואַליע, אַרויפגעגאָסן דער גאַנצער פּחד פון מלחמה...

ליובטש איז אָבער באַשערט געווען איבערצולעבן נאָך שרעקלעכערע זאַכן. די דייטשן האָבן צוליב אומפאַרשטענדלעכע טעמים פאַרברענט דאָס גאַנצע שטעטל און צעטריבן די צו־טומלטע מבֿוהלטע באַפעלקערונג. דער עולם האָט זיך צעשפּרייט און צעזייט, ווי אביונים, נע־ונדניקעס אין די אַרומיקע שטעט־לעך. מען איז אַרויס פון די הייזער אַזוי ווי מען שטייט און גייט, איבערלאָזנדיק אויף הפקר דאָס ביסל בעבעכעס, וואָס יע־דער האָט פאַרמאָגט דורך ירושה אָדער דורך אייגענער פּראַצע.

די ליובטשער שטילקייט און רואיקייט איז, אַפּנים, נישט געווען קיין זיכערע. און מיין ברודער האָט זיך שטאַרק טועה געווען אין חשבון. פון דער ליובטשער באַפעלקערונג איז גע־וואָרן אַ תל! אַ סך זענען געשטאָרבן פון מחלות און פון הונ־גער און אַ סך האָבן צוגעמאַכט זייערע אומשולדיקע ערלעכע ליובטשער אויגן ביי דער צוואַנגס־אַרבעט אַרום די שוצגריבער, אונטער דער דייטשישער בייטש...

די דייטשן האָבן צעגראָבן דאָס שטעטל, געמאַכט ווינטער־אָקאָפּעס, געבויט בלינדאַזשן. די ליובטשער ערד האָט זיך פאַר־

וואַנדלט אין אַ מיליטערישן לאַגער, באַשיצט און אַרומגעשטעלט מיט אַלע מינים געווער.

וואָס פאַר אַ שולד האָט ליובטש געהאַט אין דער וועלט-מלחמה, אַז זי זאָל זיך פאַרדינען אַזאַ וויסטן סוף?

ווי קומט ליובטש צו דייטשלאַנד און דייטשלאַנד צו איר?

אַמאָל באַצאָלט זיך אַ מענטש פאַר פרעמדע זינד, אַמאָל אַ שטאָט און אַמאָל אפילו אַ גאַנצע מדינה...

• •
•

אין אויגוסט 1924 האָב איך באַזוכט דאָס שטעטל פון מיין קינדהייט. איך האָב עס אָבער נישט דערקענט. ליובטש האָט זיך פונדאָסניי אויסגעבויט און האָט באַקומען גאָר אַן אַנ-דער מראה: פונקט ווי אַ זקן וואָלט מיטאַמאָל אַראָפּגענומען באָרד און פאות, זיך אויסגעגלעט די קנייטשן אויפן פנים און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ יונגמאַן... שיינע הייזער, גלייכע געסלעך, גאָרנישט די אַלטע ליובטש.

מען האָט אויך אויסגעבויט אַ נייעם בית-המדרש און אַ לייטישן מרחץ מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן.

אַ סך האָט דאָ אויסגעהאָלפן דער דזשאָינט. מיט זיינע לייכטע הלוואות האָט מען אויסגעבויט די נייע הייזער און זיך גענומען צו מסחר אָדער מלאכה. אויף די קברים פון דער אַלטער ליובטש איז אויפגעשטאַנען אַ נייער ליובטש מיט נייע מענטשן, מיט אַנדערע השגות. איך האָב געפונען אין ליובטש

אַ גרויסע לײַ־ביבליאָטעק, אַ קינאָ און אַ זאַל פאַר פאַרזאַמלונגען און פאַרווײַלונגען...

די שטעטלשע יוגנט, אַ מוטיקע, אַן אַנטוויקלטע, איז געוואָרן נאַציאָנאַל געשטימט. מען האָט געשמועסט פון הויכע ענינים. עס זענען געפאַלן אַ סך פרעמדווערטער... ווען די שטילע טאַטעס וואָלטן אויפגעשטאַנען פון די קברים, וואָלטן זיי מסתּמא גאַנץ שלעכט פאַרשטאַנען דאָס נײַע ליובעשער יידיש.

דאָס שטעטל האָט איצט שטאַרק געמסחרט מיט תּבואה און פלאַקס, און די קליינע מעקלערלעך זענען געוואָרן אַ סך כפריטנער אויף די פיס, ווי פאַר מײַנע צײַטן. בכלל האָט זיך ליובעשער רירעוודיקייט און באַקוועמלעכקייט שטאַרק געגעוואָרפן אין די אויגן. אַמאָל, פאַר מײַנע צײַטן, איז אַ ליובעשער ייד געגאַנגען פּאַוואָליע, נישט געכאַפּט, נישט געיאָגט, ווי עס גייט אַ מענטש בײַ זיך אין שלאָפצימער.

„וואָס איז די אײַלעניש?“ פלעגט אַ ליובעשער ייד זאָגן. „דאָס גליק וועט דיר קיינער נישט אויסכאַפּן... און פון יאָגעניש קומט בכלל נישט צו קיין געזונט. אָט, מיר וועלן בעסער גיין פּאַוואָליע...

און מען איז געגאַנגען פּאַוואָליע, געשמועסט פּאַוואָליע, געלעבט פּאַוואָליע.

הײַנט יאָגט זיך ליובעש. דער יונגער דור וויל שוין נישט לעבן פּאַוואָליע. די אַלטע פילאָזאָפיע פון די טאַטעס איז אָפּגעשטאָרבן צוזאַמען מיט זיי.

איך בין געגאַנגען אינם געסל, וואו ס'איז אַמאָל געשטאַנען אונזער הויז, דאָס הויז פון מײַנע עלטערן, דאָס הויז פון מײַן וויג. עס האָט מיר געקלאַפּט דאָס האַרץ. נײַע היי־

זער, נייע מענטשן. וואו נישט וואו האָט נאָך מייז אויג גע־פונען אַ שריד־ופליט פון די אַלטע צייטן.

אָט שטייט אַן אַלטע קוזניע. דער שמיד, אַ זקן, מיט אַ געדיכטער באָרד אין מיט שפּאַקולן אויף דער אַלטער נאָז, קאָוועט רעדער צו אַ וואָגן. ער איז שטאַרק פאַרטאָן אין דער אַרבעט. אין אַ ווײַלע אַרום הייבט ער אָבער אויף די אויגן, דערזעט מיך, קוקט מיך אָן און לאָזט זיך גיין צו מיר נאָך מיט די אַלטע פּאַוואָליעדיקע ליובטשער טריט.

„איר זענט, דאַכט מיר, ר׳ מאיר, אויב איך האָב נישט קיין טעות?״ האָט ער זיך אָנגערופן און האָט מיר אָפּגעשטעקט אַ ברייטן שלום־עליכם מיט אַ הייסער מאָזאָליעדיקער שמידי־שער האַנט. „איך האָב אייך באַלד דערקענט. אַ שמיד האָט אַ גוטע ראיה, כאָטש די פונקען עסן אים אויס די אויגן...״

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

„איר מוזט מיך אויך קענען. איך בין אַרקע דער שמיד, יאָשע דעם שמידס אַ זון. פון אייער געסל...״

אַוודאי האָב איך אים געקענט. איך האָב נאָך געקענט זיין פאָטער, יאָשע דעם שמיד. זייער אַן עו־לעכער ייד געווען. אַ ייד פון פרומקייט און פון פראַצע. ווינטער, פיר אַ זייגער פאַרטאָג, בעת אַלץ איז געלעגן פאַרזונקען אין ט־פן שלאָף, פלעגט ער שוין קלאַפּן אויף דער קאָוואַדלע, צעשפּרייטנדיק אַרום זיך גאָלדענע פונקען, און אַכט אַ זייגער אינדערפרי איז ער שוין געווען אין בית־מדרש, וואו ער איז געזעסן נאָכן דאַווגען ביי אַ בלאַט גמרא. די אַרומיקע פּויערים, געדענק איך, האָבן נאָר אים אָנגעטרויט זייערע וועגנס און פערד צו שמידן, ווייל ער האָט געהאַט זייער אַ גוטן שם. אַזוי איז ביי ר׳ יאָשען דאָס גאַנצע לעבן געווען פאַרבונדן די קאָוואַד־לע מיט דער גמרא, און איינס האָט קיינמאָל נישט געשטערט

דאָס צווייטע. אָפּגעקלאַפּט און אָפּגעלערנט ביז אין טיפער זקנה, איז ער אַוועק אויפן עולם־האמת, און איצט פאַרענדיקט שוין קלאַפּן זיין זון...

„נו, ווי גייט עס?" פרעג איך ר׳ ארקען.

„אָט מען לעבט אויס דאָס ביסל יאָרן", ענטפערט ער. „מען קומט פון גאָט און מען גייט צו גאָט. שוין באַלד, ווי איר זעט, אָפּגעטאַנצט די חתונקע און מען דאַרף גיין אין וועג אריין."

אין ר׳ ארקען דערקען איך זיין פאָטער. צוויי דורות— און קיין שום סתירה איז נישט צו מערקן צווישן זיי...

און אָט זיצט פאַרן שטוב אַ זקנה מיט אויסגעלאָשענע אויגן. דאָס איז אויך אַ שריד־ופליט פון דער אַלטער ליובטש. איך דערקען זי. אַמאָל איז זי געווען אַ פיינע באַלעבאָסטע מיט אַ געוועלב אינמיטן מאַרק. היינט איז געוואָרן אַן איבער־קערעניש אין איר גאַנצן לעבן. איר באַלעבאַטישקייט איז אַוועק מיטן רויך אינם וואַלטקריג, עס איז אויפגעשטאַנען אַ יונגער דור, אירע קינדער און אייניקלעך זענען אַוועק מיט אַנדערע וועגן, און זי, די אַלטע, וואַרט מיט אויסגעלאָשענע אויגן אויפן סוף פון דער „חתונקע", ווי ר׳ ארקע האָט זיך אויס־געדריקט.

איך בין ארומגעגאַנגען איבער די נייע געסלעך פון ליובטש, געשיקט די אויגן אויף רעכטס און אויף לינקס, און דאָס האַרץ איז מיר געווען פול מיט זיסע און ביטערע ערי־נערונגען. עס מאַכט נישט אויס, וואָס עס שטייט אַ ניי שטעטל, אָבער די ערד איז דאָך דיזעלבע. די אַלטע גוטע שטילע ליובטשער ערד

אויב מען וויל זיך אָפּגעבן אַ חשבון־הנפש, פאַרבלייבן אויג אויף אויג מיט זיך, מיט דער אייגענער נשמה און אַריינ־

קיקן טיפער אין די אייגענע מעשים, דאַרף מען זיך אויף די עלטערע יאָרן פון צייט צו צייט אַראָפּכאַפּן אין יענעם שטעטל, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען דיין וויג. דער הימל, די ערד פון דיינע קינדעריאָרן פרעגן דיך אויף יעדן טריט און שריט:
„מענטש, וואָס האָסטו געטאָן דיין גאַנץ לעבן?“

•

ס'איז כדאַי צו פאַרצייכענען אַ קוריאָז. ווען איך בין פאַרטאָג צוגעפאָרן צום שטעטל, האָב איך געזען, ווי מען צענעמט די בריק אויפן טייך ניעמאַן. דערביי איז געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט.

פרעג איך דעם פּאָליציאַנט:

„למאַי צענעמט מען די בריק? מען וויל דען אויפשטעלן אַ נייע?“

ענטפערט ער:

„דער פאַן איז זיך טועה. אין סטאָלבצי איז געווען אַן אָנפאַל פון באָלשעוויסטישע באַנדעס. מען האָט דאָרט דער־הרגעט אַ פאָר מענטשן און אונטערגעצונדן עטלעכע הייזער. אין דידאָזיקע מקומות איז, פראָשען פּאַנאַ, זייער אומרואיק...“

„איז וואָס האָט עס פאַר אַ שייכות צו דער בריק אויפן ניעמאַן?“ פרעג איך.

דער פּאָליציאַנט ענטפערט:

„מיר צענעמען די בריק, ווייל מיר האָבן מורא, אַז די־דאָזיקע באַנדעס זאָלן זיך אויך אַריבערוואַרפן אַהער...“

און ער האָט ערנסט צוגעגעבן:

„היינטיקע צייטן דאַרף מען זיין זייער פּאָרזיכטיק.“

אַן אויסטערלישע פּאָרזיכטיקייט — צענעמען אַ בריק איף אַ טייך. אַזוינס האָב איך נאָר געזען אין דער וועלט-מלחמה...

אין ליובטש האָב איך פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג. זיך גוט אָנגעקאָטעמט מיט דער ליובטשער לופט און געווען אויפן בית-עולם, ביי דעם פאָטערס קבר, האָב איך מיך מכין געווען אַוועקצופאָרן. ווי די מאָדע איז, האָבן זיך גענומען ווייזן צו מיר דעלעגאַציעס. אָבער דידאָזיקע דעלעגאַציעס האָבן שוין גאָר אַנדערש אויסגעזען, האָבן זיך אַנדערש פאַרהאַלטן און אַנדערש גערעדט. די אַמאָליקע הכנעהדיקייט איז אינגאַנצן אָפּ-געווישט געוואָרן. מען האָט גערעדט מיט שטאָלץ און גע-בעטן מיט שטאָלץ.

די ערשטע זענען געקומען צו מיר די פאָרשטייער פון דער קהילה. נאָכדעם, ווי מען האָט מיך באַגריסט, ווי מען איז זיך נוהג אין די גרויסע שטעט, האָט מען מיך געבעטן, איך זאָל מנדב זיין אויף דער בוי-אַקציע, וואָס ווערט פאָרגענומען אין שטעטל. אַזוי ווי דער „ווייסער“ בית-מדרש (אַזוי האָט ער געהייסן) איז צו קליין פאַר דער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט, גייט מען אָפּבויען דעם „רויטן“ בית-מדרש, און דערויף זאַמלט מען איצט געלט.

„פונדעסטוועגן דאַוונט מען נאָך אין ליובטש“, האָב איך גוטמוטיק געשפּאַסט.

„יאָ, מען דאַוונט, מען דאַוונט“, האָבן די קהילה-פאָר-שטייער צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. „יידן וועלן אַלעמאָל דאַוו-נען. אמת, די יונגע האָבן אַ ביסל אָפּגעקערט פון וועג, לויפן

נישט אזוי געה־ן אין בית-מדרש אריין, אָבער נישקשה, גאָט איז אַ פאָטער. אַז מען ווערט אַ ביסל עלטער, די האָר ווע־ן גרויער, די דאגות גרעסער, לויפט מען צוריק אין שול אריין. מען פארגעסט שוין דעמאָלט אין די נארישקייטן פון די יונגע יאָרן...״

זיך אָפגעפּאַרטיקט מיט דערדאָזיקער דעלעגאַציע, זענען געקומען אַנדערע. עס איז אויך געקומען אַ דעלעגאַציע פון דער ציוניסטישער יוגנט. זיי דאַרפן פאַרענדיקן דעם בית-הספר און עס פעלט זיי געלט. דידאָזיקע יונגעלייטלעך מאַכן אַ גוטן איינדרוק. זיי האָבן ברייטע פּלענער און אַ פעסטן רצון — דורכצופירן דידאָזיקע פּלענער.

נו, און נאָכדעם זענען געקומען איינצלנע מענטשן מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן, אזוי צו זאָגן, דעלעגאַטן פון זיך און פאַר זיך — די הכנעהדיקסטע דעלעגאַטן אין דער וועלט, וואָס זענען דאָ אומעטום און אַלעמאָל.

זיי האָבן דערציילט פון נויט, פון צרות און יסורים, און געבעטן אַ נדבה.

דעם טאָג האָב איך אומגעריכט פאַרענדיקט מיט אַ דרשה אין בית-מדרש. מען האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין נישט לאַנג געקומען פון ארץ-ישראל און מען האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט.

„איר מוזט רעדן״, האָט מען מיר געזאָגט, „בפּ־ט נאָך, אַז איר זענט אַן אונזעריקער, אַ היימישער, אַ ליובטשער.״

איך האָב מיך געוואָלט אַרויסדרייען, אָבער אומזיסט. מען האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט.

עמעצן האָט זיך אָנגערופן:

„מיר ווייסן, אַז איר קענט גוט רעדן.״

„פונוואַנען ווייסט איר ?"

„דאָס איז שוין אונזער זאַך."

„איך מוז אָבער אַוועקפאָרן", האָב איך געזאָגט.

„מיר וועלן אייך נישט לאָזן. אַ כלל איז אַלעמאָל שטאַרקער פאַר אַ יחיד."

איך האָב, פאַרשטייט זיך, געמוזט נאָכגעבן.

הגם ליובטש איז אינגאַנצן באַנייט געוואָרן, פונדעסטוועגן האָבן נאָך אויך איצט געטליצט אין איר אַ פּאָר אַלטע מנהגים. דאָס אַלטע לאָזט זיך דאָך נישט אויסראָטן פאַר איין מאָל.

ווען איך בין פאַרנאַכט אַרויס אין גאַס, האָב איך דערזען, ווי עס לויפט אַן אַלטער ייד מיט אַ ווייסער באָרד און שרייט נישט מיט זיין קול:

„אין שול אַריין!..."

עמעץ פרעגט אים:

„פאַרוואָס רופט מען אין שול ?"

און ער ענטפערט מיט קולי־קולות:

„אַ מגיד פון ארץ־ישראל וועט זאָגן!"

און באַלד דערויף דרייט ער אויס דעם קאָפּ אין אַן אַנדער זייט און שרייט ווידעראַמאָל:

„אין שול אַריין!"

איך האָב נישט געגלויבט, אַז דאָס מיינט מען מיך. אפשר איז טאַקע געקומען אַ מגיד פון ארץ־ישראל? אַ קשיא אויף אַ מגיד. ער וואַקסט דאָך עפּעס אויס ווי פון אונטער דער ערד.

איך בין אַוועק אין שול. זי איז געווען פול געפּאַקט. קיין מגיד פון ארץ־ישראל איז נישט געקומען, און געמיינט האָט מען דאָס טאַקע מיך.

אָפּגעדאַוונט מנחה, האָב איך מיך אויפגעהייבן אויף דער בימה און האָב גערעדט אַ קאַרגע שעה. דער עולם איז געווען שטאַרק צופרידן. מען האָט מיך אַפילו געבעטן, איך זאָל פאַרבלייבן אין שטעטל ביז איבער שבת. דאָסמאָל האָב איך אויסגעפירט, נישט דער כלל. איך האָב זיך וואַרעם צעזעגנט מיטן עולם און בין אַרויסגעפאָרן אַהיים מיט אַ פול האַרץ ערינערונגען...

פון ליובטש איז געגאַנגען אַ שמאָלע באַן, נאָך אַ ירושה פון די דייטשן.



# קאפיטל XIV

דאָס יאָר 1916. — אַ מלחמה אָן אַ סוף. — שלאַכטן, וואָס ענ־דיקן זיך כסדר מיט מפלות. — ראַספּוטין. — זיין געוואַלדיקע מאַכט אין לאַנד. — אַ מלך אָן אַ ווילן און אָן אַ כאַראַקטער.— מען פּרואווט אים אויפּרעקן דעם אמת. — די מיינונג פונם הייב וועגט איבער אַלץ.—די קאָרעספּאָנדענץ צווישן מאַן און הייב.— אויסצוגן פון אַלעקסאַנדראַ פיאָדאָראָווגאַס בריוו. — איר מאַכט, וואָס שטיצט זיך בלויז אויף ראַספּוטינען. — איך שרייב נישט קיין געשיכטע. — זכרונות קומען אַלעמאָל אין באַרירונג מיט געשיכטע.

עס האָט זיך געענדיקט דאָס יאָר 1916, און די מלחמה האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן. מען האָט גאָרנישט געזען איר סוף און מען האָט געקוקט אויף איר, ווי אויף אַ פאַרשלעפּטע קרענק. זי איז אויך נמאס געוואָרן ווי אַ פאַרשלעפּטע קרענק. עס איז ביי קיינעם נישט געווען קיין סימן פון פּאַטריאָטיזם. דער־דאָזיקער מין איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען און מען האָט אים נישט געקענט פּראָדוצירן אַזוי ווי מען פּראָדוצירט, אַ שטיי־גער, ביקסן, גראַנאַטן, באָמבעס.

רוסלאַנד האָט זיך שוין געשלאָגן העכער צוויי יאָר און האָט פאַר דער צייט נישט געקענט פאַרצייכענען קיין איין

ערנסטן נצחון. די כסדרדיקע מפּלות האָבן אויפגעגעסן די פּאָר דורכבּרוכן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אויפן שוואַכן עסטרייכישן פראָנט. עס איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען, אַז רוסלאַנד פירט אַ בלוטיקן קריג אָן אַ שום זין און אָן אַ תּכלית. מען שלעפּט, ווי קעלבער, מיליאָנען נפשות אויפן פראָנט און זיי פאַלן דאָרט אַוועק אונטערן פייער פון שונא.

דער יקרות אין לאַנד האָט זיך געהייבן פון טאָג צו טאָג. די נויט האָט הויך אַרויסגעשריען פון די אָרעמע קוואַרטאַלן. אין די פאַבריקן און זאַוואָדן איז געגאַנגען אַ שאַרפע רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע...

דער פאַקטישער מושל פון לאַנד איז געווען ראַספּוטין. ער האָט אַרויפגעזעצט און אַראָפּגעזעצט מיניסטאָרן, גובערנאַטאָרן. פון אים איז אָפּגעהאַנגען דער גורל פון דער דומע. די פּאָליטיק איז געפירט געוואָרן לויט זיינע עצות און אָנווייזונגען. די אַלע, וואָס האָבן זיך געפּרואווט ראַנגלען מיט אים, האָבן געמוזט קאַפּיטולירן, און די אַלע, ווידער, וואָס האָבן זיך געוואָלט אַרויפאַרבעטן אין יענע מוראדיקע טעג, זענען געקראָכן צו אים מיט חניפה און זיסע רייד און זיך געבוקט פאַר אים, ווי פאַר אַ מושל.

געווירקט האָט ראַספּוטין דער עיקר דורך דער קראַנקער און האַלב-פאַרריקטער קיסרינע, וועלכע האָט, ווי אַ היפּנאָטיזירטע, געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געהייסן. ניקאָלאַי II אַליין איז געווען אַ מענטש אָן אַ ווילן, אָן אַ כאַראַקטער. אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל נישט געקענט שטעלן אויף זיך און וואָס האָט אויף אַלץ געקוקט מיט פרעמדע אויגן. ער האָט תּמיד געפאָלגט דעם ווייב און דאָס ווייב האָט געפאָלגט ראַספּוטינען.

וויטע האָט זיך אויסגעדריקט וועגן ניקאָלאַיען, אַז ער איז אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל נישט קיין אייגענע מיינונג.

ווער עס רעדט מיט אים, מיט דעם איז ער מסכים, אָבער די־
דאָזיקע הסכמה איז גאָרנישט ווערט, ווייל די לעצטע רעדט
מיט אים דאָס ווייב און איר מיינונג, געשטיצט אויף ראַספּוטי־
נען, וועגט איבער אַלעמענס...

א קליין מענטשל איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין צענ־
טער פון דעם גרעסטן לאַנד און אין צענטער פון די גרעסטע
וועלט־געשעענישן. דאָס מענטשל איז געווען בלינד און האָט
גאָרנישט געזען אַרום זיך. ער האָט נישט געזען ווי עס ווערט
אונטערגעגראָבן דער פונדאַמענט פון זיין רעזשים, דער קיום
פון זיין דינאַסטיע. ער האָט נישט געזען די התראהדיקע כמאַ־
רעס פון דער קומענדיקער רעוואָלוציע...

עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן אים גע־
פּרואווט אויפדעקן דעם אמת, וואָס האָבן אים געזאָגט שאַרפע
ווערטער, וואָס האָבן אים אויסגעמאָלט א שוואַרץ בילד פון
בונטן און מרידות און וואָס האָבן אים אַפילו מרמז געווען
דערויף, אַז זיין דינאַסטיע וועט אונטערגיין.

ניקאָלאַי האָט זיי אויסגעהערט, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ,
זיך שטאַרק געחידושט, אַפילו געגלויבט און באַדויערט, שטאַרק
באַדויערט דעם מצב אין לאַנד, געפרעגט אַן עצה און זיך
ערנסט צוגעהערט צו דער עצה. נאָכדעם אָבער האָט ער גע־
רעדט מיטן ווייב, און זי האָט אים פאַרזיכערט, אַז די אַלע,
וואָס האָבן גערעדט מיט אים, זענען זיינע שונאים און אַז ער
דאַרף זיך קיינמאָל נישט צוהערן צו זייערע ווערטער.

„דו ביזט דער מלך פון לאַנד", האָט זי געזאָגט, „גאָטס
געזאַלבטער, און קיינער האָט דיר נישט צו זאָגן קיין דעות.
די איינציקע דעה אין לאַנד איז דיינע און זי איז אויך א
געטלעכע דעה. צו די מענטשן, וואָס קומען צו דיר מיט אַזעלכע
רייד און וואָס זענען אין דער ווירקלעכקייט פאַרברעכער און

קאַריעריסטן, באַדאַרפסטו זיך אויסדרייען מיטן רוקן אָדער זיי גאָר לאָזן אַרעסטירן. גאָט האָט דיר איבערגעגעבן דאָס גרויסע לאַנד אין דיינע הענט און דו דאַרפסט עס פירן. קיין איין מינוט זאָלסטו זיך נישט וואַקלען און זאָלסט געדענקען, וואָס איך זאָג דיר."

זי האָט גערעדט מיט אים, ווי מען רעדט מיט אַ קינד, און ער האָט זי אויסגעהערט אָן שום איינווענדונגען. אָבער זי האָט זיך אויך געשטיצט אין איר זיכערקייט אויף ראַספּוטינען...

ווען ניקאָלאַי איז אַרויסגעפאָרן אין דער הויפּט-קוואַרטיר, האָט ער אַלע טאָג באַקומען בריוו פון זיין ווייב. אין דידאָזיקע בריוו האָבן זיך אַלעמאָל געפונען עצות און אָנווייזונגען, ווי אַזוי ער דאַרף זיך פירן, וואָס ער זאָל טאָן, ווען ער זאָל אויפנעמען אויף אַן אוידיענץ און ווען ער זאָל באַזייטיקן פון זיין פּאָסטן. אירע אַלע עצות און אָנווייזונגען האָבן תמיד געשטאַמט פון ראַספּוטינען.

דעם 5-טן יאַנואַר 1916 שרייבט זי צו ניקאָלאַיען אין דער הויפּט-קוואַרטיר:

„טייערינקער, איך ווייס נישט, אָבער איך האָב דאָך געטראַכט פון שטירמערן*). ער האָט נאָך אַ גאַנץ פרישן קאָפּ. שטירמער וואָלט זיך זייער געפּאַסט אויף אַ געוויסער צייט, און נאָכדעם, ווען דו וועסט וועלן אויסגעפינען אַן אַנדערן, וועסטו אים קאָנען טוישן, אָבער דו לאָז אים נאָר נישט ענדערן דעם פאַמיליענאָמען. „דאָס וועט אים מער שאָדן, ווי ווען ער זאָל בלייבן ביי זיין גוטן און חשובן נאָמען" — דו געדענקסט, אַזוי

*) שטירמער, אַ זייער אַ פאַרהאַסטער נאָמען ביי דער געזעלשאַפט, איז מיט ראַספּוטינס הילף געוואָרן פרעמיער-מיניסטער אין יאָר 1916.

האָט גריגאָרי*) געזאָגט, און דאָס איז זייער אַ גרויסע זאַך."

נאַטירלעך, קוים האָט עס גריגאָרי געזאָגט, איז עס זייער אַ גרויסע זאַך.

דעם 7-טן יאַנואַר 1916 שרייבט זי ווידער צו ניקאָלאַיען אין דער הויפּטקוואַרטיר:

„צי האָסטו ווידער אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, אַז די מיטגלידער פון דער דומע, דער עיקר אַזעלכע, ווי גוטשקאָוו, טאָרן נישט באַקומען קיין דערלויבעניש צו פאָרן אויפן פראָנט און צו רעדן מיטן מיליטער. ער פאַרבעסערט זיך אין געזונט**), און ערלעך געזאָגט, צום אומגליק. מען ריכט אָפּ פאַר זיין געזונט וועגן גאַנצע תפילות אין לאַווּרע, און איצט וועט ער נאָך ווערן אַ גרעסערער העלד אין די אויגן פון יענע, וואָס פאַרגעטערן אים".

צומאָרגנס שרייבט זי ווידער צום מאַן:

„צי וואָלסטו נישט געקענט איינאָרדענען אַזוי, אַז שטירמער זאָל בשתיקה אַרויספאָרן אין דער הויפּט-קוואַרטיר; דו זעסט אַזויפיל מענטשן, וואָלסטו גע-קענט מיט אים פריער רואיק איבערשמועסן, איידער דו וועסט עפּעס באַשליסן. אָך, נאָך עפּעס, ווען דו וועסט זען דובענסקין, זאָלסטו אים געשיקט אַרויספירן אויף אַ שמועס וועגן דעם דיקן אָרלאָוו און זאָלסט אים צווינגען, ער זאָל דיר אַלץ דערציילן, — אויב ער וועט נאָר האָבן דעם מוט אַרויסצושטעלן די געמיינהייט פון

*) ראַספּוטין.

**) גוטשקאָוו איז דעמאָלט געפערלעך קראַנק געוואָרן.

דעמדאָזיקן מענטשן*), וועלכער שלעפּט אַריין אין דער אינטריגע אויך אַנדערע הויכגעשטעלטע לייט פון דער אַלטער הויפּטקוואַרטיר. וועגן מיר דריקט ער זיך שטענדיק אויס „זי״ און פאַרזיכערט, אַז איך וועל אוודאי נישט דערלאָזן, אַז דו זאָלסט זיך באַלד צוריקקערן פון דער הויפּטקוואַרטיר, נאָכדעם, ווי זיי האָבן דיר אָנגעוואָרפן „זייערע מיניסטאָרן״. פרעג אויך וועגן דרענטעלן, וואָס האָט מיך געוואָלט צרייַנזעצן אין מאָנאַסטיר. דזשונקאָווסקין און אָרלאָוון האָט מען תיכף ומיד געדאַרפט פאַרשיקן קיין סיביר. נאָכדעם, ווי די מלחמה וועט זיך ענדיקן, דאַרפסטו זיך אָפּרעכענען מיט זיי — אויף וואָס פאַר אַ גרונט דאַרפן זיי פאַרבלייבן פרייע מענטשן אויף גוטע פאָסטנס, בעת זיי האָבן אַלץ צוגעגרייט, אַז מען זאָל דיך צראָפּוואַרפן און מיך האלטן פאַרשלאָסן און האָבן געמאָן אַלץ, צו שאָדן דיין ווייב, און איצט פאָרן זיי זיך אומעטום אַרום, און אַנדערע מיינען, אַז מען האָט זיי מיט אומרעכט באַזייטיקט, מחמת מען האָט זיי לגמרי נישט באַשטראָפט״.

אויף דזשונקאָווסקין און אָרלאָוון איז זי געווען בייז נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן איינגעזען אין ראַספּוטינען אַ סכנה פאַר דעם קיום פון דער מלוכה.

דעם 11־טן יאַנואַר 1916 שרייבט זי צום מאַן אזוי:

„דו זאָלסט אויף מיר נישט קוקן ווי אויף אַ משוגענער צוליב דעם קליינטשקן פלעשעלע**), אָבער אונזער

*) געמיינט אָרלאָוון

**) די קיסרינע האָט אַרויסגעשיקט צום מאַן אין דער הויפּטקוואַר־טיר אַ קליינטשיק פּלעשעלע וויין.

פ ר יי נ ט*) האָט עס איר**) צוגעשיקט צום געבורטס-טאָג, און יעדע פון אונז האָט אַראָפּגעשלונגען אַ ביסעלע, און איך האָב עס אָפּגעגאָסן פאַר דיר; דאַכט זיך, אַז דאָס איז מאַדערוויין, און איך האָב אַראָפּגעשלונגען אַ ביסעלע צוליב א י ם***) (ווי אַ רפואה); איך בעט דיך, טו אויך אַזוי, כאָטש דו האָסט עס נישט ליב — גיס עס אַריין אין אַ גלאָז און טרינק עס אויס מיטאַמאָל פאַר זיין געזונט, אַזוי ווי מיר האָבן געטאָן".

ווען מען לייענט איצט דידאָזיקע בריוו, וואָס זענען געשריבן געוואָרן פון דער קיסריניע צו איר מאַן אינם טראַגישן יאָר 1916, דאַרף מען זיך באמת כאַפּן פאַרן קאָפּ: וויי, וויי, ווער עס האָט געפירט דאָס לאַנד, אין וועמעס הענט עס איז געלעגן דער גורל פון אַזאַ גרויסער מלוכה, ווי רוסלאַנד!

איך שרייב נישט קיין געשיכטע, נאָר זכרונות, וואָס קומען אַלעמאָל אין באַרירונג מיט געשיכטע. צוליב אַ בעסערן סדר פון די זכרונות מוז איך אָבער דערמאָנען פאַקטן, וואָס די מענטשן פון מיין דור האָבן זיי נאָך גוט אין זכרון. דאָס קען נישט זיין קיין פעלער, בפרט נאָך, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן פאַקטן פון אַזאַ געוואַלדיקער היסטאָרישער באַדייטונג, וואָס וועגן זיי וועט מען נאָך שרייבן צענדליקער יאָרן. דער אונטערגאַנג פון אַלטן רוסלאַנד איז אַ טעמע פאַר גאַנצע דורות.



*) ראַספּוטין.

**) אַנאַ ווירובאָוו, ראַספּוטינס רעכטע האַנט.

***) ראַספּוטין.

# קאַפּיטל XV

אויסציגן פֿון פורישקעוויטשעס טאָגבוך. — אַן אויסגעצייכנטער אַדמיניסטראַטאָר ווערט באַזייטיקט, ווייל אַזוי וויל ראַספּוטין. — ניקאָלאַיס וואָרט איז קיין וואָרט נישט. די מיינונג קיין מיינונג נישט. — די ערשטע רויטע פייערן פֿון דער רעוואָלוציע.—גאַנץ רוסלאַנד איז אויפגערעגט. — ווידעראַמאָל ראַספּוטין. — פּירסט יוסופּאָוו. — זיין שמועס מיט פּורישקעוויטשן. — אַן אָריגינעלע פאַרשווערונג. — ראַספּוטין ווערט אָפּגעהיט פֿון דריי אינסטיטוציעס. — אין געיעג אויף ראַספּוטינס לעבן. — ביי פּירסט יוסופּאָוון אין פּאַלאַץ.—סם, וואָס ווירקט נישט. — ראַספּוטין בלייבט ליגן אַ דערשאָסענער אויף אַ ווייסן בערישן פעל און הייבט זיך אויף צוריק. — דער סוף איז נאָך קיין סוף נישט. — ראַספּוטין לעבט ווידער. — ווי אַזוי ער מאַכט פּליטה. — פּורישקעוויטשעס געיעג. — נייע הילכיקע שאָסן. — ראַספּוטין פאַלט אַנידער אויפן שניי. — עס פּלאַצט די קאָנספּיראַציע. — אַ שטילע הינטערנאַכט מיט הילכיקע היסטאָרישע שאָסן.

דער טרויעריק-באַרימטער פּורישקעוויטש, וואָס זיין היסטערישער מאָנאַרכיזם האָט אַרויסגערופן אַ שמייכל אַפילו ביי פּאָליטיש-אומרייפע מענטשן, פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך אַן עפּיזאָד, וועלכער גיט אַ בולטע כאַראַקטעריסטיק פֿונם קליינעם מענטשעלע, וואָס האָט געטראָגן דעם הויך קלינגענדיקן נאָמען ניקאָלאַי II.

פורישקעוויטש איז דעמאָלט געשטאַנען מיט זיין סאַני־טעטרן־צוג אין רומעניע, וואו וועסעלקין האָט באַזאָרגט די רו־סישע אַרמעע־טיילן מיט אַלעם נויטיקן. „וועסעלקין", פאַרצייכנט פורישקעוויטש ביי זיך אין טאָגבוך, „האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט אין איין אָטעם, האָט אומעטום אַריינגעדרונגען מיטן אויג, און נישט איין צענדליק טויזנט רוסישע זעלנער, וואָס זענען אָנגעקומען אַהער, אויסגעמוטשעט פון הונגער, האָט אַ דאַנק אים באַקומען מאָראַלישע און פיזישע הילף.

„וועסעלקין האָט ממש אָנגעווענדט העראָישע מיטלען צו באַזאָרגן אונזערע אַרמעען מיט אַלעם נויטיקן, און גענוי־טיקט האָט מען זיך אַפילו אין טעלעפאָנישן דראָט פאַר דעם קאָנטאַקט פון אונזערע שטאַבן, וואָרים די אויסוואורפן־רומענער האָבן, איידער זיי זענען אַריינגעטרעטן מיט אונז אין פאַר־באַנד, פאַרקויפט זייער דראָט דעם קינפטיקן שונא זייערן.

„ווען איך בין געווען אין רעני, האָט מיר וועסעלקין געזאָגט, אַז ער האָט בדעה צו פאָרן צום קיסר און אים מיט־טיילן פון די אַלע העסלעכע זאַכן, וואָס קומען דאָ פאָר צו־ליב דעם, ווייל מיר האָבן נישט קיין בריקן אויפן דונאַי און די אייזנבאַן־ליניע איז וויינציק צוגעפּאַסט צו דער מיליטערישער אַרבעט. דאָס אַלץ וואָלט מען געקענט ברענגען אין אָרדענונג אין אַ גאַנץ קורצער צייט, ווען אונזערע אינזשעניערן־יוביטערן, וואָס זיצן אין הינטערפראָנט, וואָלטן זיך גענומען רעכט צו דער אַרבעט.

„אָן דידאַקטיקע מיטלען", האָט מיר וועסעלקין געזאָגט, „וועלן מיר זיך אויף דעמדאָזיקן פראָנט קיינמאָל נישט דער־שלאָגן צו עפּעס אַ דערפאָלג".

„דער קיסר, וואָס איז אַ סך פריער פאַר מיר געווען אין רעני, האָט געזען וועסעלקינס אַרבעט. ער האָט זייער ליב

געהאַט וועסעלקינען און האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיין אַר-בעט, וואָס איז קענטיק פון די ווערטער פון זיין פּריוואַטער טעלעגראַמע, וועגן וועלכער עס האָבן מיר פאַרציילט די באַ-אַמטע פון דער פּאָסט און טעלעגראַף אין רעני.

„דער קיסר האָט טעלעגראַפירט אַלעקסאַנדראַ פיאָדאָ-ראָוונאַן אין אַזאַ מין נוסח: „איך האָב געזען מישאַ וועסעל-קינען, זיין אַרבעט דאָ איז גאָרנישט אָפּצושאַצן" א. אַז. וו., א. אַז. וו.

„און אָט, ווען איך בין דעם 3-טן נאָוועמבער געווען ביים קיסר מיט אַ באַריכט און האָב אים געשילדערט די סיטואַציע אויפן פראָנט און דערביי אויך באַרירט וועסעלקינס לייטזעליקע טעטיקייט, האָט דער קיסר גאָר אויפגעלעבט, איז געווען העכסט צופרידן מיט מיין כאַראַקטעריסטיק פון וועסעלקינען, האָט מיר מיטאַמאָל איבערגעשלאָגן אינמיטן באַריכט און זיך אָנגערופן:

„יאָ, יאָ, וועסעלקינען קען איך שוין לאַנג, דאָס איז אַן אויסגעצייכנטער פּעאיקער אַדמיניסטראַטאָר, און דער עיקר ביי דערדאָזיקער קאַמפּס-סיטואַציע. איך שעץ אים שטאַרק און האַלט פון אים זייער. אייער מיינונג וועגן אים איז מיר זייער אָנ-גענעם."

„דאָס איז געווען דעם 3-טן נאָוועמבער, און דעם 7-טן נאָוועמבער, ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער גאָסודאַרסטווע-נער דומע, האָב איך דאָרט אָנגעטראָפן דעם פלאָט-מיניסטער א. ק. גריגאָראָוויטש. מיר האָבן זיך באַגריסט, און באַלד ביי די ערשטע ווערטער פרעגט ער מיך:

„זענט איר שוין לאַנג פון פראָנט, און פונוואַנען?"

איך האָב קוים באַוויזן צו עפענען דאָס מויל און צו זאָגן: „היינט, פון רומענישן פראָנט", ווי ער האָט מיך אי-

בערגעשלאָגן אינמיטן די רייד, אָנגעכאַפּט מיך ביים אַקסל און אויסגערופן מיט גאַל:

„יאָ, אָבער אונזער אָרעמער וועסעלקין!"

„וואָס איז געשען?" פרעג איך.

„מען האָט אים באַפרייט פון זיין פּאָסטן", האָט גריגאָראָוויטש געזאָגט מיט אַ געבראָכענעם קול.

„עס קען נישט זיין! צו וואָס האָט איר עס געטאָן?" האָב איך אויסגערופן. „ער איז דאָך אַזוי נוצלעך, אַזוי נויטווענדיק, און דער קיסר, וואָס איז באַקאַנט מיט זיין טעטיקייט, האַלט פון אים זייער שטאַרק".

גריגאָראָוויטש האָט ביטער געשמייכלט.

„אָט דאָס איז עס דאָך טאַקע, וואָס נישט איך האָב אים באַפרייט. דאָס פלאָט-מיניסטעריום איז דאָס לעצטע געוואָר געוואָרן פון דעם. די הויפּטקוואַרטיר האָט אים נעכטן באַפרייט פון פּאָסטן צוליב אומבאַקאַנטע אינטריגעס און אויף זיין אָרט זיצט שוין אַן אַנדערער".

„אָבער הערט נאָר, איוואַן קאָנסטאַנטינאָוויטש, איר דערציילט דאָך גאָר מאָדנע זאַכן, וואָס לייגן זיך באמת נישט אויפן שכל. דער קיסר האָט דאָך אים נאָך דעם 3-טן נאָוועמבער זייער געלויבט".

„יאָ", האָט גריגאָראָוויטש באַמערקט מיט אַ באַזונדער באַטאָנונג, דאָס איז דאָך געווען דעם 3-טן נאָוועמבער און היינט האָבן מיר דעם 7-טן..."

פאַרוואָס האָט מען אייגנטלעך באַזייטיקט וועסעלקינען? מסתמא איז ער געווען קעגן ראַספּוטינען. די בעסטע אַדמיניסטראַטאָרן, די בעסטע מיליטערלייט, די בעסטע באַאַמטע זענען געווען קעגן ראַספּוטינען און זיי האָט מען טאַקע באַזייטיקט פון זייערע פּאָסטנס. על-פּי-רוב האָט מען זיי באַזייטיקט פּלוצ-

לונג אָן שום איינזען און בושה, ווי מען באַווייטיקט שיק-יינג-לעך, מיט וועלכע מען דאַרף זיך נישט רעכענען.

די אינערלעכע מלוכה-פירונג איז נישט געוואָרן קליגער און ניכטערער פון די מפלות אויפן פראָנט. די, וואָס זענען געשטאַנען ביים מלוכה-רודער, האָבן אים אַזוי באַוועגט, אַז דאָס לאַנד זאָל וואָס גיכער אונטערגיין.

די שריפה פון דער רעוואָלוציע, אירע ערשטע פייערן האָט שוין פאַרכאַפּט די גרויסע שטעט, די פאַבריקן. דער גע-וואַלדיקער יקרות און דער כאַאָס זענען געווען די בעסטע אַגי-טאַטאָרן פאַר דער רעוואָלוציע. די רויטע סימנע פייערן אירע האָבן אַפילו באַלויכטן אויך די רייכע סאַלאָנען פון די פּע-טערבורגער און מאָסקווער אַריסטאָקראַטן.

דאָ, וואו מען האָט זיך פריער מיט גרויס התפּעלות גע-האַלטן ביים באַוואוסטן פּסוק: „באָזשע, צאַריאַ כראַני״*) האָט מען איצט געשמועסט מיט פאַרביטערונג:

„מיר האָבן שוין גענוג די דינאַסטיע. די שלימזלדיקע ראָמאַנאָווס זיצן אונז שוין גוט אין האַלז. אַלע צרות אונזערע שטאַמען פון זיי. זאָל זיין, וואָס עס וויל – אַבי פּטור ווערן פון זיי. גענוג געזעסן ווי שלימזלס אויפן בענקל און אויף אונזער קאַרק...״

אַזוי האָבן איצט געשמועסט פאַבריקאַנטן, גוטבאַזיצער, גענעראַלן, פּובליציסטן, אַפילו גרויספירשטן...

אַלע האָבן געוואוסט, אַז ראַספּוטין איז דער פאַקטישער מושל פון לאַנד און אַלעקסאַנדראַ פיאָדאָראָוונאַ טוט בלויז זיין רצון. די אַלגעמיינע אויפרעגונג איז געשטיגן פון שעה צו שעה. אין ראַספּוטינען האָט מען געזען די גאַנצע צעפוילטקייט

*) גאָט, היט דעם קיסר

און פּאַרוועריעמטקייט פון די אָנפירנדיקע ספערן. עס איז דער־גאַנגען אַזוי ווייט, אַז גרויספירשט דמיטרי פּאַוולאָוויטש און פירשט יוסופּאָוו האָבן געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו „ליקווידירן" ראַספּוטינען...

פּורישקעוויטש, דער מאָנאַרכיסט, וואָס האָט אויך געזוכט מיטלען, ווי אַזוי אָפּצוהיטן פון וועג דעם נייעם אומגעבעטע־נעם מושל פון רוסלאַנד, פאַרנאָטירט ביי זיך אין טאָגבוך:

„היינט, פּונקט ניין אַ זייגער אינדערפרי, איז געקומען צו מיר פירשט יוסופּאָוו".

„נאָכדעם, ווי ביידע האָבן געשמועסט פון ראַספּוטינען, נקאָלאַיען און אַלעקסאַנדרא פיאָדאָראָוונאַן, האָט מען זיך ווי־דעראַמאָל אָפּגעשטעלט אויף ראַספּוטינס ראָל אין רוסלאַנד און דער עיקר אין הויף און טאַקע דירעקט אין דעם קיסרס הויז.

„וואָס טוט מען פאָרט?" האָב איך געפרעגט יוסופּאָוון.

„ער האָט עפּעס מאָדנע געשמייכלט, דרינגלעך אַריינגע־קוקט מיר אין די אויגן צריין מיט עפּעס אַ נישט פיינטלדיקן בליק און האָט נאָכדעם אַדורכגעזייט דורך די ציין:

„באַזייטיקן ראַספּוטינען".

איך האָב מיך צעלאַכט.

„ס'איז לייכט צו רעדן", האָב איך באַמערקט, „ווער וועט זיך אָבער נעמען דערפאַר, ווען אין רוסלאַנד זענען נישטאָ קיין אַנטשלאָסענע מענטשן, און די רעגירונג, וואָס וואָלט עס געקענט אַליין אויספירן, און אויסגעצייכנט אויספירן, האַלט זיך אָן ראַספּוטינען און היט אים, ווי דאָס אויג אין קאָפּ".

„יאָ", האָט יוסופּאָוו זיך אָנגערופן, „אויף דער רעגירונג איז נישטאָ וואָס צו האָפן, אָבער אין רוסלאַנד וועלן זיך דאָך געפינען מענטשן".

„איר מיינט אַזוי?"

„איך בין זיכער אין דעם! און איינער פון דידאָזיקע מענטשן שטייט דאָ פאַר אייך".

„איך בין אויפגעשפרונגען פון אָרט און גענומען אַרומ־שפּאַנען איבערן צימער.

„הערט נאָר, פירשט", האָב איך מיך אָנגערופן, „מיט אַזעלכע זאַכן שפּאַסט מען נישט. איר האָט מיר איצט געזאָגט אַזאַ זאַך, וואָס זיצט מיר שוין לאַנג ווי אַ טשוואָק אין קאָפּ. איך פאַרשטיי נישט ערגער פון אייך, אַז מיט די דרשות אין דומע וועט מען דאָ גאָרנישט העלפן, אָבער דער, וואָס טרינקט זיך, כאַפּט זיך אָן פאַר אַ שטרויעלע און איך האָב מיך אויך אָנגעכאַפּט אָן דעם. דער אויסוועג, וועגן וועלכן איר רעדט, איז פאַר מיר נישט קיין אומגעריכטע זאַך. נאָכמער, מיט עט־לעכע יאָר צוריק, ווען עס האָט נאָך געלעבט דעדולין, וועל־כער איז געווען, ווי אייך איז באַוואוסט, דער קאָמענדאַנט פון הויף, בין איך ספּעציעל געפאָרן צו אים וועגן דעמדאָזיקן ענין. מיר זענען געווען נאָענטע פריינט, און איך האָב אים געוואָלט דורכאויס איבערצייגן אין דער נויטווענדיקייט צו ליקווידירן וואָס שנעלער ראַספּוטינען, צוגרייטנדיק דערצו די געהעריקע אומשטענדן. פאַר מיר איז שוין דעמאָלט געווען קלאָר, אַז ראַספּוטין איז אַ פאַטאַלער מענטש פאַר דער דינאַס־טיע און במילא אויך פאַר רוסלאַנד".

„נו, און וואָס איז געוואָרן דערפון?"

„איר זעט דאָך: גאָרנישט. ראַספּוטין לעבט נאָך אויך היינט. דעדולין איז, קענטיק, נישט געווען אַזוי דרייסט, אַז ער זאָל זיך קענען נעמען פאַר אַזאַ זאַך. די לאַגע איז דער עיקר שרעקלעך דערמיט, וואָס אונזערע מיניסטאָרן און הויפלייט בויען זייער קאַריערע אויף די ראַספּוטינס און פאַרן קלענסטן פעלער, וואָס דער מענטש, וועלכער וואָלט געוואָלט באַפרייען

רוסלאַנד פון דערדאָזיקער מכּה, וואָלט דאָ באַגאַנגען, וואָלט ער זיך, ערשטנס, באַצאָלט מיטן קאָפּ, און צווייטנס, וואָלט עס נאָך אוודאי פאַרשטאַרקט אין הויף די באַדייטונג פון דערדאָזיקער שלאַנג."

"איר זענט גערעכט", האָט יוסופּאָוו באַמערקט. "צי ווייסט איר, אַז ראַספּוטין ווערט אָפּגעהיט פון שפּיאָנען, וועלכע זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פון דריי אינסטיטוציעס?"

"וואָס רעדט איר?"

"יאָ, יאָ. עס היטן אים אָפּ די שפּיקעס, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פונם מיניסטעריום פון קייזערלעכן הויף, און עס היטן אים אָפּ די שפּיקעס פון אינערנמיניסטעריום, און עס היטן אים אָפּ די שפּיקעס פון... אַדרבה, טרעפט פון וועמען נאָך?"

"איך וועל דאָס נישט קענען טרעפן".

"וואונדערט אייך נישט!.. די שפּיקעס פון די בענק!"*).

ראַספּוטינען האָט מען באמת אָפּגעהיט, ווי אַן אוצר. דאָס האָט די קיסרינע פאַראָרדנט, אַז עס זאָל אויף אים נישט פאַלן קיין שטויבעלע. ווען ראַספּוטין פלעגט פראַיוען זיינע אָרגיעס מיט ציגיינערינס אין די רייכע פּעטערבורגער קאַבאַ-רעטן, האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט הויכע מענטשן אין צי-לינדערס, וואָס זייער עובדה איז באַשטאַנען בלויז דערין — אָפּצוהיטן ראַספּוטינען, דעם מושל פון רוסלאַנד. אַ מיניסטער, אַ גרויספירשט איז נישט אַזוי אָפּגעהיט געוואָרן, ווי ער.

עס האָט אָבער זיין שעה אויך געשלאָגן.

יוסופּאָוו, דער גרויספירשט דמיטרי פּאַוולאָוויטש, פּוריש-קעוויטש האָבן דורכגעפירט די מיסיע, וואָס זיי האָבן גענומען

*) פון פּורישקעוויטשעס טאָגבוך.

אויף זיך. אַט ווי אַזוי פּורישקעוויטש באַשרייבט דעם ראַספּו־טין־מאָרד:

„... נאָך אַ רגע — און מיר הערן שוין אויסן הויף דאָס טרוקענע קלאַפּן פון אויטאָמאָביל, אַ טופּעריי פון פיס, וואָס וואַרפן אַראָפּ פון זיך דעם שנייַ אונטן, ביי דער טיר, און ראַספּוטינס קול:

„וואוהין, ליבער?"

„נאָכדעם איז אין עסצימער פאַרמאַכט געוואָרן די טיר הינטער די אַריינגעקומענע*). מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם זע־נען מיר אַריין אין טאַמבור**) און זיך אויסגעשטעלט ביים פּאַ־רענטש פון די טרעפּ***) אין אַזאַ מין אָרדענונג: דער ער־שטער בין איך געשטאַנען מיט אַ קאָסטעט אין דער האַנט, הינטער מיר דער גרויספירשט, הינטער אים דער פּאָרוטשניק ס. און דער לעצטער דר. לאַזאַווערט. ס׳איז מיר שווער צו באַ־שטימען, וויפל צייט ס׳איז אַוועק אין געשפּאַנטן וואַרטן, אין פאַרגליווערטע פּאָזעס ביי די טרעפּ און זיך באַמיט נישט צו אָטעמען, זיך נישט צו באַוועגן און זיך אַלץ צוגעהערט צו יעדן שאָרך פון אונטן; פון דאָרט האָבן זיך דערטראָגן צו אונז איינצלנע קלאַנגען און אַמאָל אָפּגעריסענע ווערטער פון אַ שמועס, אָבער וואָס מען האָט גערעדט, האָבן מיר נישט געקענט הערן.

„דאָס, וואָס מיר האָבן דערוואַרט, איז נישט געשען, און געוואַרט האָבן מיר, אַז עס זאָלן נעמען קלאַפּן די קאָרקעס פון די פלעשער, וואָס יוסופּאָוו האָט געעפנט און וואָס זענען

*) יוסופּאָוו מיט ראַספּוטינען.

**) טאַמבור — מין צימער פאַר דער דרויסנדיקער טיר.

***) דאָס איז פאָרגעקומען בײַ יוסופּאָוון אין הויז. דאָרט האָט מען ראַספּוטינען דערשאָסן.

געשטאַנען אינטן. דאָס האָט אינז געדאַרפט באַווייזן, אַז דער ענין גייט צו אין אָרדענונג און אַז אין עטלעכע מינוט אַרום וועט שוין ראַספוטין ליגן אַ טויטער. אָבער די צייט איז זיך געגאַנגען, אינטן האָט מען זיך געמיטלעך געשמועסט און די שמועסער האָבן, קענטיק, נישט געטרונקען און נישט געגעסן.

„צולעצט האָבן מיר געהערט, ווי מען עפנט די טיר. אַן שום גערויש, אויף די שפּיץ פינגער האָבן מיר זיך אַ וואָרף געטאָן צוריק אין יוסופאָווס קאַבינעט; אין אַ מינוט אַרום איז ער אויך אַריין אַהין.

„שטעלט אייך פאָר, מיינע הערן", האָט ער זיך אָנגערופן, „דער ענין שטייט אויף איין אָרט. דידאָזיקע חיה וויל גאָר נישט טועם זיין פון עסן און פון די משקאות, כאָטש איך רעד אים שטאַרק צו, ער זאָל זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען און זיך נישט אָפּזאָגן פון מיין גאַסטפריינטלעכקייט".

וואָס טוט מען?

דמיטרי פּאַוולאָוויטש האָט געהייבן מיט די אַקסלען. ער האָט געזאָגט:

„הערט נאָר, פעליקס, גייט צוריק אַראָפּ און פּרואווט נאָכאַמאָל. לאָזט אים נישט איבער אַליין. דער חברה-מאַן קען זיך נאָך אַמאָל אויפהייבן אַהער באַלד נאָך אייך און ער וועט דערזען אַ בילד, אויף וועלכן ער האָט זיך ווייניקער פון אַלץ גערעכנט. אין אַזאַ פאַל וואָלט מען אים געמוזט אָפּלאָזן בשלום אַהיים אָדער פאַרענדיקן מיט אים דעם עסק זייער רוישיק, וואָס איז פאַרבונדן מיט שווערע פאָלגן".

„און ווי איז זיין שטימונג?" האָב איך געפרעגט יוסופאָוון.

„נישט זייער קיין גוטע", האָט יוסופאָוו געענטפערט. „איר קענט אייך פאָרשטעלן, אַז ער מאַכט אַן איינדרוק, ווי ער וואָלט עפעס פאָרגעפילט".

„נו, גייט, פעליקס״, האָט אים דער גרויספירשט צוגעיאָגט. „די צייט שטייט נישט אויף איין אָרט״.

יוסופּאָוו איז, ווידעראַמאָל אַראָפּ אונטן און מיר האָבן פונדאָסניי פאַרנומען די פּאָזיציעס ביי די טרעפּ אין דעמזעלבן סדר, וואָס פריער.

„עס איז אַוועק אַ גוטע האַלבע שעה צייט, וואָס איז פאַר אונז געווען געגוג פיינלעך, ביז מיר האָבן צולעצט דייטלעך דערהערט דעם קנאַק פון צוויי קאָרקעס, דעם קלאַנג פין בעכערלעך און באַלד דערויף זענען די שמועסער אונטן אַנטשוויגן געוואָרן.

„מען טרינקט״, האָט מיר דער גרויספירשט איינגערוימט אין אויער. „נו, איצט איז שוין נישט לאַנג צו וואַרטן!״*).

„זיך אַראָפּגעלאָזט נאָך מיט עטלעכע טרעפּ נידעריקער, זענען מיר פאַרגליווערט געוואָרן אין אונזערע פּאָזעס. אָבער... עס איז אַדורכגעלאָפן נאָך אַ פערטל שעה און דער געמיטלעכער שמועס און אפילו אַ געלעכטער האָט זיך אַלץ דער־טראָגן צו אונזער אויער.

„איך פאַרשטיי שוין דאָ גאָרנישט״, האָב איך מיך אויס־געדרייט צום גרויספירשט און אים איינגערוימט אין אויער, צעפּירנדיק מיט די הענט. „וואָס איז ער אַ פּישופּמאַכער, וואָס אויף אים ווירקט נישט אפילו קיין ציאַן־קאַלי?״

„דמיטרי פּאַוולאָוויטש האָט געדריקט מיט די אַקסלען.

„וואַרט נאָר, איר הערט? דאַכט זיך, אַז אונטן איז שוין עפּעס נישט אין אָרדענונג.״

„און באמת האָט זיך אַזוי ווי דערטראָגן פון אונטן אַ קרעכץ. אָבער דאָס איז בלויז געווען אַן אַבּיראַציע פון געהער.

*) די געטראַנקען און טשאַסטקעס זענען בלומרשט געווען אָנגעפילט מיט געבערלעכן סם צ אַן־קאַלי.

אין אַ מינוט אַרום האָבן זיך ווידעראַמאָל געהערט די געמיס־לעכע רייד פון איינעם פון די שמועסער און איינצלנע ווער־טער, קענטיק, מצד דעם צווייטן.

„אונזער גרופּע האָט זיך פונדאַסניי אויפגעהייבן אין קאַ־בינעט, וואוהין עס איז אין אַ צוויי־דריי מינוט אַריין יוסופּאָוו, אַן אויפגערעגטער און אַ בלאַסער.

„ניין", האָט ער געזאָגט, „דאָס איז אוממעגלעך! שטעלט אייך פאָר, ער האָט אויסגעטרונקען צוויי בעכערלעך ווײַן מיט סם, האָט אויפגעגעסן עטלעכע ראָזע טשאַסטקעס*) און גאָרנישט, ווי נישט אים מיינט מען. אַ גאַנצע פערטל שעה איז שוין אַוועק — און גאָרנישט!**). איך פאַרשטיי גאָרנישט, וואָס מיר זאָלן איצט פאָרנעמען, בפרט נאָך, אַז ער באַאומרואיקט זיך שוין, פאַרוואָס די גרעפין קומט צו אים אַזוי לאַנג נישט אַראָפּ, און איך האָב אים קוים איינגערעדט, אַז די גרעפין קען זיך נישט אַרויסרוקן אומבאַמערקט, ווײַל דאָרט אין דער הויך זע־נען דאָ אַ סך געסט, אָבער אין אַ צען מינוט אַרום וועט זי מסתמא אַראָפּקומען צו אים. ער זיצט איצט אויפן דיוואַן אַן אָנגעכמורעטער, און ווי איך זע, דריקט זיך אויס די ווירקונג פונם סם בלויז אין דעם, וואָס ער גרעבצט כסדר און עס רינט אים עפּעטער אַ שליים פון די ליפּן"***).

„אין אַ ווײַלע אַרום האָט יוסופּאָוו געפרעגט:

„מײַנע הערן, וואָס עצהט איר מיר צו טאָן?"

„גייט אַראָפּ צוריק", האָבן מיר געזאָגט, „דער סם מוז פאָרט ווירקן. אויב אָבער דער סם וועט קיין שום רעזולטאַט

*) די ראָזע טשאַסטקעס זענען געווען אָנגעפילט מיטן ציאַן־קאַלי.

**) די אָנטיילנעמער אין ראַספּוטין־מאָרד האָבן דעמאָלט נישט געוואוסט, אַז דער, וואָס האָט זיי צוגעשטעלט דעם ציאַן־קאַלי, האָט זיי אָפּגענאַרט. ער האָט זיי געגעבן נישט קיין סם, נאָר עפּעס אַנדערש...

נישט געבן, זאָלט איר אין אַ פופצן מינוט אַרום ווידער אַרויפֿ-קומען אַהער, און מיר וועלן באַשליסן ווי צו פֿאַרענדיקן מיט אים, וואָרים די צייט גייט, ס׳איז שוין שפּעט אין דער נאַכט און דער פּרימאָרגן קען אונז טרעפֿן אַקוראַט דעמאָלט, ווען מיר וועלן זיך אַרומפּאָרען אין אייער פּאַלאַץ מיט ראַספּוטינס טויטן קערפּער״.

„יוסופּאָוו איז לאַנגזאַם אַרויס פֿון צימער און איז אַראָפּ-געגאַנגען אונטן.

* * *

„אין פֿינף מינוט אַרום איז יוסופּאָוו ווידער אַרייַנגעקומען אין קאַבינעט צום דריטן מאָל.

„מיינע הערן״ האָט ער גיך אַ זאָג געטאָן, „די לאַגע האָט זיך נישט געענדערט: דער סם האָט אויף אים נישט גע-ווירקט אָדער ער טויג בכלל נישט. די צייט גייט, מער וואַרטן קענען מיר נישט. מיר מוזן באַשליסן, וואָס צו טאָן. אָבער מיר מוזן באַשליסן שנעל, מחמת די שלאַנג איז זייער אומגע-דולדיק, פֿאַרוואָס די גרעפֿין קומט נישט, און ער באַציט זיך שוין צו מיר מיט חשד.״

„נו, מילא״, האָט דער גרויספֿירשט געזאָגט, „מיר וועלן אים דאָסמאָל אָפּלאָזן בשלום. אפֿשר וועט אונז געלינגען צו פֿאַרענדיקן מיט אים אַ צווייט מאָל און ביי אַנדערע אומ-שטענדן.״

„פֿאַר קיין פֿאַל נישט!״ האָב איך אויסגערופֿן. „שוין

זשע פּאַרשטייט איר נישט, אײַער האָהײט, אַז קוים וועט ער
הײַנט אָפּגעלאָזט ווערן, וועט ער שוין אַנטרונען ווערן אויף
תּמיד, וואָרים ווי אַזוי וועט ער, לאָמיר זאָגן, מאָרגן קומען
צו יוסופּאָוון, ווען ער וועט פאַרשטיין, אַז מען האָט אים אָפּ-
גענאַרט. אַרויס אַ לעבעדיקער פונדאַנען קען ראַספּוטין נישט,
ער טאָר עס נישט און וועט עס נישט", האָב איך מיך אָנגע-
רופן אינדערשטיל, באַטאָנענדיק אָבער יעדעס וואָרט.

„וואָס טוט מען אָבער פאָרט?"

„אויב מען קען נישט מיט סם", האָב איך אים געענט-
פערט, „מוז מען גיין וואַ באַנק," גאַנץ אָפן, מיר מוזן אַלע
אַראָפּגיין אונטן, אָדער לאָזט מיך גאָר אַליין, וועל איך אים
אַוועקלייגן אָדער פון מיין „סאַוואַזש"*) אָדער איך וועל אים
צעשמעטערן דעם שאַרבן מיטן קאַסטעט. וואָס זאָגט איר דע-
רויף?"

„יאָ", האָט יוסופּאָוו געזאָגט, „אויב איר שטעלט אַוועק
אַזוי די פראַגע, וועט מען מוזן אָנווענדן איינס פון די דאָזיקע
מיטלען."

„נאָך אַ קורצן ישוב-הדעת איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר
זאָלן אַלע אַראָפּגיין אונטן און איך וועל אים מכבד זיין מיטן
קאַסטעט. באַלד ווי מיר האָבן אָנגענומען דעמדאָזיקן באַשלוס,
זענען מיר אַלע פאַרזיכטיק, איינער הינטער דעם אַנדערן,

*) מין רעוואָלווער מיט אַ שטאַרקן שאָס.

אוועק צו די שטיגן און זיך שוין צראַפּגעלאָזט ביי די פינף טרעפּלעך. דמיטרי פּאַוולאָוויטש האָט אונז אָבער אַרויסגערופן צוריק, און יוסופאָוו האָט מיר געזאָגט:

„וו. מ., איר וועט מסתמא גאָרנישט האָבן קעגן דעם, ווען איך וועל אים דערשיסן. זאָל זיין, וואָס עס וויל. דאָס וועט זיין אי שנעלער, אי פּשוטער.“

„נו, איר קענט“, האָב איך מיך אָנגערופן. „די פראַגע באַשטייט נישט אין דעם, ווער עס וועט פאַרענדיקן מיט אים, נאָר אין דעם, אַז מען דאַרף מאַכן אַ סוף מיט אים און דורכאויס היינט ביינאַכט.“

„איך האָב נאָך נישט באַוויזן אַרויסצוזאָגן דידאָזיקע ווערטער, ווי יוסופאָוו איז געשווינט און אַנטשלאָסן צוגעגאַנגען צום שרייבטיש, אַרויסגענומען פון שופלאָד אַ קליינעם ברוינינג, שנעל זיך אויסגעדרייט און איז מיט פעסטע טריט אַראָפּ אונטן.

„מיר האָבן זיך אָן ווערטער אוועקגעלאָזט נאָך אים און זיך אוועקגעשטעלט אויף אונזערע אַלטע פּאָזיציעס. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן איצט נישט דאַרפן לאַנג וואַרטן.

„און באמת, קיין פינף מינוט איז נישט אַוועק, זינט יוסופאָוו איז אַראָפּ אונטן, ווי מיר האָבן דערהערט, נאָך אַ צוויי-דריי אָפּגעריסענע פראַזן, דעם פאַרטויבטן רעש פון אַ שאָס און באַלד דערויף אַן אויסגעצויגענעם געשריי: „אַ-אַ-אַ!“ און נאָכדעם דעם קלאַנג פון אַ שווער-פאַלנדיקן קערפּער.

„מיר אַלע, וואָס זענען געשטאַנען אויף די טרעפּ, זענען תיכּף-ומיד אַראָפּגעלאָפן אונטן אין עסצימער, וואו מיר האָבן דערזען אַזאַ מין בילד: לעבן דיוואַן, אויפן פעל פון אַ ווייסן בער, איז געלעגן דער גוססדיקער גריגאָרי ראַספּוטין, און איבער אים, מיטן רעוואָלווער אין דער רעכטער האַנט, פאַר-לייגט אַהינטער, איז רואיק געשטאַנען יוסופּאָוו און האָט זיך איינגעקוקט אין ראַספּוטינס פּנים מיט אַ געפיל פון אומבאַ-שרייבלעכן עקל.

„קיין בלוט האָט מען נישט געזען. ס׳איז, קענטיק, גע-ווען אַן אינערלעכער בלוטאויסגוס. די קויל האָט געטראָפן ראַספּוטינען אין האַרצן און איז מסתּמא דאָרט פאַרבליבן.

„דער ערשטער האָט גענומען רעדן דער גרויספירשט, וואָס האָט זיך אָנגערופן צו מיר:

„מען מוז אים וואָס גיכער אַראָפּנעמען פונם טעפּעך און אויף יעדן פאַל אַוועקלייגן אים אויף די שטיינערנע פּליטעס פון דער פּאָדלאָגע, וואָרים אַנישט קען נאָך דאָס בלוט אַדורכ-רינען אויפן פעל. לאָמיר אים טאַקע אַוועקשלעפּן פונדאַנען."

„דמיטרי פּאַוולאָוויטש האָט אָנגענומען דעם דערשאָסענעם פאַר די אַקסלען, איך האָב אים אויפגעהייבן פאַר די פיס, און מיר האָבן אים פּאַוואָליע אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָד-לאָגע, מיט די פיס צו די דרויסנדיקע פענסטער און מיטן קאָפּ צו די טרעפּ, דורך וועלכע מיר זענען אַריינגעקומען.

„אויפן טעפּעך איז נישט געווען קיין איין טראָפּעלע בלוט. ער איז בלויז געווען אַ ביסל צעטרעטן פון דעם אַראָפּ-געפאַלענעם גוף.

•

„שווייגנדיק האָבן מיר אַרומגערינגלט דעם קערפּער פון דעם דערשאָסענעם, וועלכן איך האָב איצט געזען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן און וועלכן איך האָב ביזאַהער געקענט בלויז פון די פאָטאָגראַפיעס; איינס, אַ גרויס בילד, אויף וועלכן מען האָט געקענט זען, ווי ראַספּוטין זיצט ביים טיי-טיש אין אַ קרייז פון זיינע אָנהענגערינס, וועלכע האָבן אָנגעהערט צו דער פּעטערבורגער הויף-אַריסטאָקראַטיע, האָב איך באַקומען פון גענעראַל אוסאָוו, דעם קאָמאַנדיר פונם 3-טן גוואַרדישן שיסער-פּולק; פון דעמדראָזיקן בילד האָב איך געמאַכט אַ סך קאָפּיעס, אַוועקגעשטעלט אויף זיי אַ באַליידיקנדיקע אויפשריפט, אונטער-געשריבן די נעמען פון די אָנהענגערינס און נאָכדעם זיי צע-טיילט צווישן די מיטגלידער פון דער דומע און אַריינגעשיקט זיי אין אַלע רעדאַקציעס פון די פּעטערבורגער צייטונגען.

• •

„איצט בין איך געשטאַנען איבער ראַספּוטינען און זיך איינגעגעסן אין אים מיט די אויגן. ער איז נאָך נישט געווען אַינגאַנצן טויט: ער האָט געאָטעמט, ער האָט געגוססעט.

„מיט דער רעכטער האַנט האָט ער זיך פאַרדעקטביידע אויגן און אַ העלפט פון זיין לאַנגער אָנגעצדראָלענער נאָז, די די לינקע האַנט איז געווען אויסגעצויגן לייגנאויס דעם גוף.

די ברוסט האָט זיך טײלמאָל הויך אויפגעהייבן און דער גוף האָט זיך קאָנוואולסיוו געצוקט. זיין הלבשה איז געווען אַ לוקסוס־רייכע, גאָרנישט קיין פּויערישע. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר גרויסאַרטיקע שטיוול, סאַמעטענע הויזן, אַ ביין געהאָפטן זיידן קרעמפּאַרביק העמדל און אַ דיק זיידן מאַלינאָווע שנירל מיט פּרענזלעך.

„די לאַנגע באָרד זיינע איז געווען גוט צוגעקעמט און האָט אַזוי ווי געגלאַנצט, געבלישטשעט פון עפּעס אַ מין ספּעציעס.

„איך ווייס נישט, ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען. צולעצט האָב איך דערהערט יוסופאָווס שטימע:

„נו, מיינע הערן, קומט אַרויף אין גאַסטצימער. מען דאַרף פאַרענדיקן דאָס אָנגעהייבענע.״

„מיר זענען אַרויס פון עסצימער. פריער אָבער האָבן מיר דאָרט אויסגעלאָשן די עלעקטרישע לעמפּלעך און געלאָזט עט־וואָס אָפן די טיר.

„אין גאַסטצימער האָבן מיר איינע נאָך די אַנדערע באַגריסט יוסופאָוון דערמיט, וואָס אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן דער הויכער כבוד צו באַפרייען רוסלאַנד פון ראַספּוטינען, און באַלד דערויף זענען מיר צוגעטראָטן צו דער באַראַטונג, ווי אַזוי צו פאַרענדיקן אונזער ענין.

*

*

„עס איז שוין געווען פיר אַ זייגער אין דער נאַכט, און מיר האָבן זיך געמוזט צעשיידן״, פאַרצייכנט פורישקעוויטש אין זיין טאָגבוך.

ווען פירשטן און גרויספירשטן נעמען זיך צו אַזאַ שטיקל אַרבעט, איז דער פחד, קענטיק, נישט אַזוי גרויס. ביז פיר אַ זייגער האָט מען זיך אַלץ אַרומגעפּאָרעט מיט ראַספּוטינען. די זאַך איז צוגעגאַנגען זייער לאַנגזאַם. נאָך אַ קורצער באַראַטונג זענען דריי אָנטיילנעמער אַוועקגעפאָרן אין אויטאָמאָביל מיט ראַספּוטינס שווערן גרויסאַרטיקן פוטער און אַנדערע טיילן פון זיין הלבשה. זיי האָבן עס געוואָלט פאַרברענען אינם אויוון, וואָס איז געשטאַנען אין פורישקעוויטשעס סאַניטאַרן-צוג. אַזוי איז עס באַשלאָסן געוואָרן. מען האָט דאָך געוואָלט פאַרווישן די שפּורן פונם מאָרד. אינם גאַסטצימער איז בלויז פאַרבליבן פורישקעוויטש און פירשט יוסופּאָוו. יוסופּאָוו איז אָבער אַרויסגעגאַנגען אין אַ צווייטן צימער, און פורישקעוויטש איז פאַרבליבן אַליין.

* *

„איך קען נישט באַשטימען, ווי לאַנג עס האָט זיך געצויגן מיין איינזאַמקייט", שרייבט פורישקעוויטש אין זיין טאָגבוך. „איך ווייס נאָר, אַז איך האָב מיך געפילט גאַנץ רויִק און אַפילו צופרידן. איך געדענק אויך זייער גוט, אַז עפּעס אַן אינערלעכער כּוח האָט מיך געשטויסן צו יוסופּאָווס שרייבטיש, אויף וועלכן עס איז געלעגן מיין „סאַוואַזש", וואָס איך האָב פריער אַרויסגענומען פון קעשענע, אַז איך האָב אים צוריק אַריינגעלייגט אין דער רעכטער קעשענע פון די הויזן און אַז אונטערן דרוק פון דעם מיר אומבאַקאַנטן כּוח

בין איך אַרויס פון קאַבינעט און בין אָן אַ שום צוועק אַריין אין טאַמביר.

„באַלד ווי איך האָב נאָר געמאַכט דעם ערשטן שריט אין טאַמבור, האָב איך דערהערט, ווי עמעצער גייט אַרום אונטן, ביי די טרעפּ, און נאָכדעם האָב איך דערהערט, ווי מען עפנט די טיר פון עסצימער, וואו ראַספּוטין איז געלעגן, און מען האָט זי, קענטיק, נישט צוגעמאַכט

*
* *

„ווער האָט עס געקענט זיין?״ האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אָבער איידער מיין געדאַנק האָט נאָך באַוויזן צו ענטפערן אויף דערדאָזיקער פראַגע, האָב איך פון אונטן דערהערט אַ ווילד אוממענטשלעך געשריי. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס שרייט יוסופּאָוו:

„פורישקעוויטש, שיסט, שיסט, ער לעבט! ער אַנטלויפט!״

„ביי אַ רגע בין איך געבליבן שטיין ווי אַ מטושטשער. באַלד דערויף אָבער האָב איך דערהערט, ווי עמעץ רוקט זיך אונטן מיט שנעלע שווערע טריט צו דער דרויסנדיקער טיר.

„מען האָט קיין איין מינוט נישט געטאָרט מער צעגערן. איך האָב מיך נישט פאַרלאָרן, אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע מיין „סאָוואַזש״, אָנגעשטעלט אים אויף feu און העגדום-פעגדום אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ.

* * *

„דאָס, וואָס איך האָב דערזען אונטן, האָט זיך זיכער געקענט פאָרשטעלן ווי אַ חלום, ווען דאָס וואָלט נישט געווען פאַר אונז אַ שרעקלעכע ווירקלעכקייט: גריגאָרי ראַספּוטין, וועלכן איך האָב מיט אַ האַלבער שעה צוריק געזען ביי זיין לעצטן אָטעם, וועלכער איז געלעגן אויף די שטיינערנע פּלי־טעס פון דער פּאָדלאָגע, איז איצט געשווינט געלאָפן, איבער־בויגנדיק זיך דאָ אויף איין זייט, דאָ אויף דער צווייטער, איבער דעם שיטערן שניי, לייגגאָוויס די אייזערנע שטאַכעטן, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען צו דער גאַס. ער איז געלאָפן אין דער־זעלבער הלבשה, אין וועלכער איך האָב אים נישט לאַנג געזען אַ גוססן.

* * *

„אין דער ערשטער רגע האָב איך מיינע אייגן נישט גע־גלויבט. אָבער זיין הויכער געשריי אין דער נאַכט־שטילקייט בעתן לויפן: „פעליקס, פעליקס, איך וועל אַלץ דערציילן דער קיסרינע!..״ האָט מיך איבערצייגט, אַז דאָס איז ער, אַז דאָס איז גריגאָרי ראַספּוטין, אַז ער קען טאַקע אַנטרונען ווערן אַ דאַנק זיין פענאָמענאַלער לעבנספעאיקייט, אַז נאָך עטלעכע רגעס—און ער וועט שוין זיין הינטער דעם צווייטן אייזערנעם טויער אויף דער גאַס, וואו ער קען צוגיין צו דעם ערשטן בעסטן מענטשן, און,

אָנרופנדיק זיךביים נאָמען, בעטן ביי יענעם הילף, ווייל מען האָט אים געוואָלט דערהרגענען אין דעמדאָזיקן פּאַלאַץ און... אַלץ איז פאַרפאַלן. אוודאי וועט מען אים קומען צו הילף. מען וועט דאָך נישט וויסן וועמען מען ראַטעוועט דאָ, ער וועט קומען בשלום אַהיים אויף דער גראָכאָוואַיאַ גאַס, און מיר וועלן פאַרשאָטן ווערן.

* * *

„איך האָב אים גענומען נאָכיאָגן און האָב אויסגעשאָסן.

„דער שטאַרקער שאָס פון מיין רעוואָלווער האָט הויך אָפּגעקלונגען אין דער נאַכט-שטילקייט — אָבער נישט געטראָפן!

„ראַספּוטין האָט זיך גענומען צויאָגן. אַ צווייט מאָל האָב איך אויסגעשאָסן אינמיטן לויפן — און... ווידעראַמאָל נישט געטראָפן.

„איך קען דאָ נישט איבערגעבן יענס געפיל פון ווילדן גרימצאָרן, וואָס איך האָב אין דעם מאָמענט געפילט קעגן זיך אַליין.

„אַ שיסער, מער ווי אַן אָנשטענדיקער, וואָס האָט זיך פּראַקטיקירט אין טיר אויפן סעמיאָנאָווער פּלאַץ און וואָס האָט תמיד גוט געטראָפן אין קליינטשיקע צילפּונקטן, בין איך איצט נישט געווען פעאיק אָוועקצולייגן אַ מענטשן ביי אַ צוואַנציק טריט פון מיר.

„די רגעס זענען געלאָפן... ראַספּוטין איז צוגעלאָפן צום טויער. דעמאָלט האָב איך מיך אָפּגעשטעלט, מיט אַלע כוחות

זיך איינגעביסן דעם ליאַדאָן פון דער לינקער האַנט, כדי זיך צו צווינגען — איך זאָל מיך קאָנצענטרירן, אויסגעשאָסן (אַ דריט מאָל) און געטראָפן אים אין רוקן. ער איז געבליבן שטיין. דעמאָלט האָב איך מיך גוט אָנגעצילעוועט, שטייענדיק אויף דעמזעלבן אָרט, און אויסגעשאָסן אַ פערט מאָל; די קויל האָט אים, קענטיק, געטראָפן אין קאָפּ, ווייל ער איז באַלד אַנידערגעפאַלן מיטן פנים אַראָפּ און געגומען צוקן מיטן קאָפּ. איך בין צוגעלאָפן צו אים און מיט אַלע כוחות דערלאַנגט אים אַ טאַראַבענץ מיטן פוס אין שלייף. ער איז געלעגן מיט ווייט אויסגעשפרייטע הענט און געגראַבלט מיט די פינגער דעם שניי, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט מיטן בויך אַוועקקריכן פאָרויס. אָבער ער האָט שוין נישט געקענט קריכן און האָט בלויז געקלאַפּט און געקריצט מיט די ציין".

אַזויאַרום האָט מען דערהרגעט ראַספּוטינען. עס איז אָנגעקומען שווער און די גאַנצע קאָנספּיראַציע האָט געפּלאַצט. מען האָט געמוזט ראַספּוטינען דערשיסן אויפן הויף, אין רעכטן צענטער פון פּעטערבורג, אין דער טויטער שטילקייט פון אַ ווינטערנאַכט, ווען דער שאָס האָט אָפּגעקלונגען אין דער לופטן, ווי אַ דונער.

דער סוף פון פּורישקעוויטשעס דערציילונג וועגן דעם היסטאָרישן ראַספּוטין-מאָרד איז אַזוי אינטערעסאַנט און גיט אַזאַ בולטע כאַראַקטעריסטיק פון די דעמאָלדיקע שטימונגען, אַז איך באַשליס מיך אים צו געבן אין דעם קומענדיקן קאַפּיטל.

# קאַפּיטל XVI

פורישקעוויטשעס פחד. — זיין שמועס מיט די סיריע־צינער. — פשוטע זעלנער, וואָס פאַרשטייען ראַספּוטינס ראָל. — פעליקס יוסו־פאָוו באַקומט אַ נערוון־אַטאַק. — זיינע ווילדע קלעפּ מיט דעם גומי־שטעקנס. — ראַספּוטין לעבט נאָך אַלץ. — אַ פּאָליציאַנט, וואָס האַלט ניט אויס פורישקעוויטשעס שקיאַצען. — ראַספּוטינס טויט אין די קירינע.—איך די אַלטע אויסגעבראָכענע הענט.— סימפּטאָם פון די רעאַקציאָנערן אין די אָקאָפּעס און איך די דערגאַנג. — איבערן גאַנצן לאַנד איין פּאַרשטיקטער געשריי. — מיניסטער־יונקים, מיניסטאָרן־קאַריקאַטורן און איין מיניסטער אַ [illegible] גנבער.

פורישקעוויטש איז תחילת ווי צעמישט געוואָרן. ראַספּוטינס טויטער גוף, וואָס איז געלעגן, ווי אַ שוואַרץ בערגל אויפן ווייסן שניי און די הילכיקע שאָסן פון זיין „סאַוואַוש״ האָבן אים אַליין איבערגעשראָקן. ער האָט זיך אָבער געפּרואווט ציגעבן מוט און באַרואיקן זיינע נערוון.

„ניין, האָב איך באַשלאָסן, קיים איז דער ענין אַוועק נישט אַזוי, ווי מיר האָבן פריער אויסגערעכנט, מוז ער אויך ווייטער גיין גאָר מיט אַן אַנדער וועג״, שרייבט ער אריין אין טאָגבוך מיט זיין געוויינלעך עטוואָס באַרימעריש און

וואוויליונגערישן נוסח. „עס קען גאַנץ גריילעך זיין, אַז די דינצרשאַפט האָט יוסופאָווס שאָס נישט געקענט הערן אין די צימערן, אָבער עס קען דאָך נישט זיין, אַז די צוויי סאָלדאַטן, וואָס זיצן אין פאָרצימער ביי דער פראָנטטיר זאָלן נישט האָבן געהערט די פיר דונערנדיקע שאָסן פון מיין „סאַוואַזש" אויפן הויף, און דעריבער האָב איך מיך מיט שנעלע טריט אַ לאָז געטאָן דורכן טאַמבור צו דער פראָנטטיר

•

•

„הערט נאָר, קינדער", האָב איך מיך אָנגערופן צו זיי, „איך האָב דערהרגעט..." ביי דידאָזיקע ווערטער האָבן זיי זיך שטאַרק צוגערוקט צו מיר, פונקט ווי זיי וואָלטן מיך געוואָלט אַ כאַפּ טאָן פאַר די הענט. „איך האָב דערהרגעט", האָב איך איבערגעחזרט, „גרישקע ראַספּוטינען, דעם שונא פון רוסלאַנד און דעם צאַר". ביי דידאָזיקע ווערטער האָט איינער פון די זעלנער, שטאַרק צעטרייסלט ביז דעם לעצטן גראַד, זיך אַ וואָרף געטאָן מיך קושן, און דער צווייטער האָט געזאָגט:

„גאָט צו דאַנקען, מען האָט עס שוין לאַנג געדאַרפט טאָן!"

אַזוי האָבן זיך באַצויגן צו דעראָזיקער רציחה פשוטע זעלנער, וואָס האָבן זיך שוין אויך פאַרשטאַנען אויף דער מכה, וועלכע האָט געהייסן „ראַספּוטין".

פורישקעוויטש פאַרצייכנט ווייטער אין זיין טאָגבוך:

„פריינט!" האָב איך געזאָגט צו די זעלנער, „פירשט

פעליקס פעליקסאָוויטש יוסופּאָוו און איך זענען זיכער, אַז איר וועט שווייגן. איר פאַרשטייט דאָך, אַז ווען די זאַך זאָל אַנט-פּלעקט ווערן, וועט אונז די קיסרינע דערפאַר נישט גלעטן פאַרן בעקל. צי זענט איר אָבער פעאיק צו שווייגן?"

„וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ", האָבן זיך ביידע אָנגע-רופן צו מיר מיט פאָרוואורף, „מיר זענען רוסישע מענטשן, און איר דאַרפט זיין זיכער, אַז מיר וועלן נישט אַרויסגעבן".

„איך האָב אַרומגענומען און געקישט דעם און יענעם און האָב זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן תיכף-ומיד אַוועקשלעפּן ראַספּוטינס גוף פון די שטאַכעטן אויפן הויף און אַריינטראָגן אים אינעם קליינטשיקן פאָרצימערל, וואָס האָט זיך געפונען ביי די טרעפּ, נישט ווייט פון דער טיר, וועלכע האָט געפירט אין עסצימער".

אויב פּורישקעוויטש איז תחילת צעמישט געוואָרן און האָט זיך שפּעטער דאָך באַרואיקט, איז עס מיט יוסופּאָוון צו-געגאַנגען אַ ביסל שווערער. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ מין משוגעת. ראַספּוטינס כוחות, וואָס האָבן זיך אַלץ נישט אונ-טערגעגעבן נאָכן סם און נאָכן שאָס מיטן בראַונינג; ראַספּוטין – דער געסמטער און דער געשאָסענער, וואָס האָט נאָך אַלץ גע-אָטעמט, אַפילו שווער געאָטעמט, און וואָס האָט אַפילו אויס-געשריגן מיט אַ ווילד-גריל צנדיקער שטימע: „פעליקס, פעליקס, איך וועל אַלץ דערציילן דער קיסרינע!" האָט אָנגעוואָרפן אויף יוסופּאָוון אַ פּחד, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט משוגעת.

„ווען יוסופּאָוו האָט דערזען אַרום וועמען עס פאָרען זיך די זעלנער", שרייבט פּורישקעוויטש אין זיין טאָגבוך, איז ער אַרויסגעלאָפן צו זיך אין קאַבינעט, האָט אַ כאַפּ געטאָן פון שרייבטיש דאָס גומענע געוויכט, וואָס מאַקלאַקאָוו האָט אים געשענקט, איז באַלד צוריק אַראָפּ פון די טרעפּ און איז

צוגעלאָפן צו ראַספּוטינס טויטן גוף. ער, יוסופּאָוו, וואָס האָט אים געסמט און האָט געזען, ווי דער סם ווירקט נישט, ער, יוסופּאָוו, וואָס האָט געשאָסן אין אים און האָט געזען, ווי די קויל לייגט אים נישט אַוועק — ער האָט, זעט אויס, איצט נישט געוואָלט גלויבן אין דעם, אַז ראַספּוטין איז שוין אַ טויטער גוף, און צולויפנדיק צו אים, האָט ער אים מיט אַלע כוחות גענומען האַקן מיט דעם צווייפונטיקן גומי-געוויכט איבערן שלייף און דערביי אַרויסגעוויזן עפּעס אַ ווילדע רציחה און אַן אומנאַטירלעכע אויפרעגונג.

„איך בין דעמאָלט געשטאַנען אויבן ביים פּאַרענטש פון די שטיגן; אין דער ערשטער מינוט האָב איך גאָרנישט פאַרשטאַנען און בין גאָר מטושטש' געוואָרן, בפרט נאָך, אַז ראַספּוטין האָט אויך איצט, צו מיין גרעסטער שטוינונג, אַרויסגעוויזן סימנים פון לעבן!

„איבערגעדרייט מיטן פּנים אַרויף, האָט ער געכריפּעט, און אַפילו פון אויבן, וואו איך בין געשטאַנען, האָב איך גאַנץ דייטלעך געזען, ווי ביי אים האָט זיך פאַררוקט דער שוואַרצאַפּל פון דעם רעכטן אָפּענעם אויג, פּונקט ווי עס וואָלט מיך אָנגעקוקט אָן שום זין, אָבער שרעקלעך (דאָסדאָזיקע אויג זע איך אויך איצט פאַר זיך).

* *

„איך בין אָבער באַלד געקומען צו זיך און האָב אַ געשריי געטאָן צו די זעלנער, אַז זיי זאָלן אָפּשלעפּן יוסופּאָוון

פון דעם דערמאָרדעטן, וואָרים ער וועט פאַרשפּריצן מיט בלוט אי זיך אי אַלץ אַרום אים, און אין פאַל פון אַ רעוויזיע וועט די אויספאָרשונגסמאַכט, אפילו אָן דער הילף פון די פּאָליציי-הינט, בלויז לויט די בלוט-סימנים, אַנטפּלעקן דעם גאַנצן ענין.

„די זעלנער האָבן מיר געפאָלגט, אָבער זיי האָבן זיך געדאַרפט געבן אָנשטרענגונגען ביז עס איז זיי געלונגען אָפּצו-שלעפּן יוסופאָוון, וואָס האָט אַזוי ווי מעכאַניש, אָבער מיט אַלץ מער און מער רציחה געהאַקט ראַספּוטינען איבערן שלייף.

„צולעצט האָט מען דעם פירשט דאָך אָפּגעשלעפּט. ביידע זעלנער האָבן אים אַרויפגעפירט אין קאַבינעט און מיט גרויס אימפּעט אַוועקגעזעצט אים אויפן ברייטן לעדערנעם דיוואַן. אינגאַנצן געווען פאַרשפּריצט מיט בלוט.

* * *

„איינער פון די זעלנער, וועלכן איך האָב שפּעטער אַריינ-גערופן אין קאַבינעט, האָט מיר דערציילט, אַז דער פּאָליציאַנט, וואָס שטייט דאָ אויף זיין פּאָסטן, איז זיך געקומען נאָכפרעגן, למאי מען האָט דאָ געשאָסן. אין אַ האַלבע שעה אַרום וועט מען אים טוישן, און ער וועט מוזן פאַר דעם העכערן צירקל-באַאַמטן דערציילן פון אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט אין זיין דעזשור-רשיאָן. איך האָב געהייסן דעם זעלנער, ער זאָל אַ רוף טאָן צוהער דעם פּאָליציאַנט

* * *

„אין צען מינוט אַרום האָט דער זעלנער אַריינגעפירט דעם פּאָליציאַנט. איך האָב אים שנעל אַ כאַפּ געטאָן מיטן בליק פון קאָפּ ביז די פיס און האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז ער געהערט צו דעם אַלטן מין פּאָליציאַנטן און אַז איך בין באַגאַנגען אַ פעלער דערמיט, וואָס איך האָב אים געלאָזט רופן אַהער. אָבער עס איז שוין געווען פאַרפאַלן און מען האָט זיך געמוזט רעכענען דערמיט, וואָס איז געשען.

„מלוכה-דינער!" האָב איך מיך אָנגערופן צו אים. „דאָס ביזטו געקומען פריער געוואָר ווערן, וואָס דאָ איז געשען און ווער עס האָט געשאָסן?"

„טאַק טאָטשנאָ, וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ!" האָט ער געענטפערט

„דו קענסט מיך?"

„טאַק טאָטשנאָ", האָט ער ווידעראַמאָל געענטפערט. „איך קען אייך."

„ווער בין איך?"

„דער מיטגליד פון דער גאָסודאַרסטווענער דומע וולאַ-דימיר מיטראָפּאַנאָוויטש פּורישקעוויטש."

„ריכטיק!" האָב איך באַשטעטיקט. „און אָט דעם באַרין קענסטו?" האָב איך אָנגעוויזן אויפן פירשט יוסופּאָוו, וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן אין דעמזעלבן צושטאַנד.

„אויך זיי קען איך", האָט דער פּאָליציאַנט געזאָגט.

„ווער איז ער?"

„זיין דורכלויכט פירשט יוסופּאָוו."

„ריכטיק! הער נאָר, ברודערל", האָב איך ווייטער גע-

זאָגט און האָב אים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל. „זאָג מיר די וואָרהייט: האָסטו ליב דעם באַטיושקאַ צאַר און די מוטערל רוסלאַנד? און ווילסטו, אַז דאָס רוסישע געווער זאָל מנצח זיין דעם דייטש?"

„טאַק טאָטשנאָ", וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ", האָט ער געענטפערט. איך האָב ליב דעם צאַר און רוסלאַנד און איך וויל, אַז דאָס רוסישע געווער זאָל מנצח זיין דעם דייטש".

„צי ווייסטו", האָב איך ווייטער געפרעגט, „ווער עס איז דער גרעסטער שונא פון צאַר און פון רוסלאַנד, ווער עס שטערט אונז צו פירן די מלחמה, ווער עס זעצט אַוועק די שטירמערס און אַנדערע דייטשן, אַז זיי זאָלן באַלעבאַטעווען איבער אונז, ווער עס האָט אַריינגענומען די קיסרינע אין די הענט און טוט דורך איר מיט רוסלאַנד, וואָס ער וויל?"

דעם פּאָליציאַנטס פּנים האָט באַלד אויפגעלעבט.

„טאַק טאָטשנאָ", האָט ער געזאָגט, „ראַספּוטין!"

„נו, ברודערל, ער איז שוין נישטאָ. מיר האָבן אים דערהרגעט, געשאָסן אין אים. דו האָסט עס אַליין געהערט. אָבער צי וואָלסטו געקענט זאָגן, ווען מען זאָל דיך פרעגן: איך ווייס גאָרנישט, נישט געהערט, נישט געזען!" צי וואָלסטו געווען בכוח נישט אַרויסגעבן אונז און שווייגן?"

„דער פּאָליציאַנט האָט זיך פאַרטראַכט.

„ס'איז אַזוי, וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, ווען מען זאָל

מיך, אַ שטייגער, נישט אויספרעגן אונטער אַ שבועה, וועל איך קיין זאַך נישט זאָגן, אָבער ווען מען זאָל מיך נעמען אונטער אַ שבועה, וועל איך מוזן זאָגן דעם גאַנצן אמת. מען טאָר דאָך נישט זאָגן קיין ליגן".

פורישקעוויטש האָט גאָרנישט געקענט מאַכן מיט אים, די קאָנספּיראַציע האָט געפּלאַצט און ער האָט זיך שוין גע־מוזט פאַרלאָזן אויף זיין באַקאַנטשאַפט מיט די העכערע פּאָ־ליציי־באַאַמטע און אויף די סימפּאַטיעס פון דער געזעלשאַפט.

צומאָרגנס האָט שוין גאַנץ רוסלאַנד געוואוסט, אַז ראַס־פּוטין איז איבערגעליפערט געוואָרן אויפן עולם האמת. אַלעק־סאַנדרא פיאָדאָראָוונאַ איז אויפגעציטערט געוואָרן. אַ קראַנקע פרוי, וואָס איז מיט אַלע נערוון געלעגן אין צעפלאָסענער מיסטיק און וואָס האָט זיך כסדר געשטיצט אויפן זכות פונם „צדיק", דעם געשיקטן סיבירער פויער ראַספּוטין, האָט איצט פאַרלאָרן דעם באָדן אונטער די פיס. זי האָט זיך אָבער נישט אונטערגעגעבן און האָט ווייטער געפירט איר פּאָליטיק אין דעם „צדיקס" דרכים, בפרט נאָך, אַז זי האָט נאָך געהאַט געטרייע מיטהעלפער און נאָכטענצער, וואָס האָבן זיך מכין געווען צו בויען זייערע קאַריערעס אויף ראַספּוטינס זכרון. אויב ראַספּו־טין איז שוין נישטאָ, איז אָבער דאָ זיין הייליקער זכרון..

און די אומגליקלעכע און אומזיניקע מלחמה האָט זיך אַלץ ווייטער געצויגן מיט כסדרדיקע מפּלות פאַר רוסלאַנד. צענ־דליקער טויזנטער זעלנער האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם פון קוילן, שראַפּנעלן, גראַנאַטן, שימאָזעס, באָמבעס, מינעס, סאַפּן, גאַזן אָדער פון כלערליי מחלות. אין די קאַלטע פאַר־שנייטע אָקאָפּעס האָבן זיך שוין די הונגעריקע און דערפרוי־רענע זעלנעו' באַוואוסטזיניק געפרעגט:

„פאַר וועמען שלאָגן מיר זיך? צי וואָס דאַרפן מיר דאָס?"

אין די דערפער זענען אַלע אַרבעטספעציאיקע מענטשן אַוועקגעשלעפּט געוואָרן אויפן פראָנט. צענדליקער מיליאָנען מענטשן, דער עיקר זקנים, ווייבער און קינדער, זענען דאָרט אויסגעשטעלט געוואָרן אויף הונגער און טויט.

די פונקען פון די ערשטע רעוואָלוציע-פייערן זענען פאַר-פלויגן דורך די אומרואיקע ווינטן אין די פאַרשנייטע אָקאָפּעס און פאַרשנייטע מרה-שחורהדיקע דערפער. איבער גאַנץ רוס-לאַנד האָט זיך געטראָגן איין פאַרשטיקטער געשריי:

„גענוג מיט דער מלחמה, מיטן יקרות, מיטן הונגער, מיטן טויט! מיר ווילן לעבן!"

גייענדיק אַלץ אין ראַספּוטינס דרכים, האָט אָבער די אַליינ-הערשערישע אַלעקסאַנדראַ פיאָדאָראָוונאַ און אירע מיטהעלפער אויף אַ האָר נישט געענדערט דעם רעזשים אין רוסלאַנד. אויף די מיניסטאָרן-בענקלעך זענען, ווי פריער, געזעסן אָדער אויס-געוועפּטע זקנים, מיט האַלב בלינדע אויגן און האַלב טויבע אויערן, אָדער קאַריעריסטן, מענטשן, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלאָרן יעדן פונק פון געוויסן און וואָס האָבן איצט, אין די נעפּלען פון כאַאָס, געוואָלט זיך צוויפּדראַפּען אויף די העכסטע שטאַפּלען פון מאַכט און עשירות.

איין מיניסטער, פּראָטאָפּאָפּאָוו, איז אַפילו געווען אַ גייסטיק-קראַנקער און האָט שוין געהאַט די זכיה צו זיצן אין אַ משוגעים-אַנשטאַלט. צו דעם מיניסטאָרן-בענקל האָט ער זיך צו-געקריגן נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט זיך באַצייטנס צו-געלעקט צו ראַספּוטינען און האָט דעריבער נושא-חן געווען ביי דער קיסרינע.

אַזוי האָט אויסגעזען דער כאַאָס סוף יאָר 1916.



# קאַפּיטל XVII

גרויספירשט ניקאָלאַי מיכאַילאָוויטש. — דער מעמאָריאַל פון די ראָמאַנאָווס צו ניקאָלאַי II. — אַ בּאַריכט, וואָס רעדט קלאָרע ווערטער, אָבער אָן רעזולטאַטן. — מאַריאַ פיאָדאָראָווּנאַ פּאַטשט בּראַוואָ. — בּלינדע מענטשן בּיים ראַנד פון אָפּגרונד. — די רעוואָלוציע מאַרשירט שוין איבּער די פּעטראָגראַדער גאַסן. — די ערשטע חדשים פון יאָר 1917. — דראָענדיקע טעלעגראַמעס פון פּעטראָגראַד אין דער הויפּטקוואַרטיר. — גענעראַל אַלעקסייעוו. — ראָדזיאַנקאָ, דער פּאָרזיצער פון דער גאָסוד. דומע. — ווידעראַמאָל דער „ראָמאַנאָווער" איוואַנאָוו. — דער גרויספירשט מיכאַיל אַלעקסאַנדראָוויטש. — ניקאָלאַי מאַכט זיך נישט זעענדיק און נישט הערנדיק. — אויסצוגן פון גענעראַל לוקאָמסקיס מעמוארן.

אין פּורישקעוויטשעס אינטערעסאַנטן טאָגבּוך געפינען מיר אַ נאָטיץ, וואָס גיט אַן אויסגעצייכנטע כאַראַקטעריסטיק פון ניקאָלאַי II. פּורישקעוויטש איז געווען מיט אַ וויזיט בּיים גרויספירשט ניקאָלאַי מיכאַילאָוויטש. בּאַלד פון די ערשטע ווערטער האָט זיך דער לעצטער אָנגערופן צו פּורישקעוויטשן:

„איר ווייסט, וו. מ. כמעט אַלע ראָמאַנאָווס פון אונזער פאַמיליע האָבּן דערלאַנגט דעם קיסר אַ מעמאָריאַל וועגן ראַספּוטינען און מען האָט אים געבּעטן, ער זאָל נעמען אין זיינע הענט די גאַנצע מלוכה-פירונג און מער נישט דערלאָזן, אַז

אַלעקסאַנדראַ פיאָדאָראָוונאַ, געשטיצט אויף דעמדאָזיקן רמאַי, זאָל זיך מישן אין די מלוכה־ענינים. פונם מעמאָריאַל איז, נאַטירלעך, גאָרנישט אַרויסגעקומען. איך האָב אים אַפילו נישט אונטערגעשריבן, ווייל איך האָב באַלד געזען, אַז ס׳איז אַרויסגעוואָרפן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ מין מעמאָריאַל, וואָס באַשעפטיקט זיך בלויז מיט דער פראַגע, וועט גאָרנישט געבן און וועט בלויז דערפירן צו טרויעריקע פאָלגן פאַר די, וואָס האָבן אים אונטערגעשריבן".

„איך האָב אַנדערש געטאָן", האָט דער פירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש ווייטער געזאָגט. „איך האָב באַקומען אַן ערנסטע שליחות פון קיסר, און ווען איך האָב דידאָזיקע שליחות אויסגעפירט, האָב איך אָנגעשריבן וועגן דעם אַ באַריכט און דערביי האָב איך, אַזוי ווי דרך־אגב, געגעבן קלאָר און בולט אָנגעוויזן אויף די איצטיקע אומרואיקע געזעלשאַפטלעכע שטימונגען, מיט וועלכע איך בין גוט באַקאַנט — שטימונגען, וואָס זענען אַ פועל־יוצא פון ראַספּוטינס „באַמיונגען" וועגן רוסלאַנד און פון דעם קיסרס פרוי, וואָס איז פרעמד דעם פאָלק און דעם לאַנד און וואָס מישט זיך אָבער אַריין אין אַלע מלוכה־ענינים".

„אָנגעשריבן דעם באַריכט", האָט דער פירשט ווייטער דערציילט, „האָב איך געבעטן דעם קיסר, ווען ער איז געקומען קיין פעטראָגראַד, אַז ער זאָל מיר באַשטימען אַ טאָג פאַר מיין פערזענלעכן און מונדלעכן באַריכט און דערביי האָב איך אים אויך געזאָגט:

„איך האָב אָבער מורא, אַז נאָך מיין באַריכט וועסטו מיך לאָזן אַרעסטירן און אַרויסשיקן מיט קאָזאַקן וואָס ווייטער פון דער רעזידענצשטאָט".

„שוין זשע איז דיין באַריכט אַזוי שרעקלעך?" האָט דער־

קיסר געזאָגט און האָט באַשטימט אַ טאָג. „נו, מילא, מיר וועלן הערן. איך גלויב, אַז אַלץ וועט אַדורכגיין בשלום".

„איך האָב אים אַלץ געזאָגט און דער סוף איז געווען, אַז איך בין שטאַרק געפאַלן אין זיינע אויגן און ער איז איינ־גאַנצן אָפּגעקילט געוואָרן צו מיר".

דער גרויספירשט האָט אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן:

„איר ווייסט, דעמדאָזיקן באַריכט האָב איך שפּעטער דורך דעם פירשט שערוואַשידזע צוגעשטעלט דער קיסרינע מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ*), וואָס האָט זיך געפונען אין קיעוו. ווילט איר אפשר וויסן די מיינונג פון מאַריאַ פיאָדאָראָוונאַ? אָט איז זי".

דער גרויספירשט האָט זיך גענומען גריבלען אין זיינע פּאַפּירן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער מיר דערלאַנגט אַ טעלע־גראַמע. אין איר זענען געשטאַנען בלויז דריי ווערטער: „בראַ־וואָ, בראַוואָ, בראַוואָ. מאַריאַ". „אָבער דער פּאַרזיכטיקער שער־וואַשידזע", האָט צוגעגעבן דער גרויספירשט, „האָט, צפנים, מורא געהאַט איבערצולאָזן צווישן די פּאַפּירן פון דער אַלטער קיסרינע אַזאַ קאָמפּראָמעטירנדיק פּאַפּיר, ווי מיין מעמאָריאַל, און צוזאַמען מיט דעמדאָזיקן בריוו (ניקאָלאַי מיכאַילאָוויטש האָט מיר געוויזן שערוואַשידזעס אַ בריוו), אין וועלכן ער דריקט אויס זיין מורא, אַז איך קען אַוודאי פאַרבלייבן אָן דעם וויכטיקן דאָקומענט, האָט ער מיר צוריקגעשיקט דעם מע־מאָריאַל, וואָס האָט אַזוי אויסגענומען ביי דער אַלטער קיסרינע..."

ס'איז מערקווירדיק, ווי אַזוי דער קיסר, זיין ווייב, און זייער גאַנצער פּעקל יועצים און רעדלפירער זענען געשטאַנען מיט פאַרבונדענע אויגן ביים ראַנד פון אָפּגרונט און האָבן גאָרנישט געפילט, אַז דער קלענסטער ווינט איז פאַר זיי איצט

*) די מוטער פון ניקאָלאַי II.

הענטסט געפערלעך. זיי האָבן געטרעטן איז כאַאָס מיט זאָרג־לאָזע קעפּ.

עס זענען איבערגעלאָפן די ערשטע צוויי חדשים פון יאָר 1917.

דעם 10־טן מערץ האָט די הויפּטקוואַרטיר באַקומען אַ טעלעגראַמע פונם קריגסמיניסטער בעלאַיעוו אין פּעטראָגראַד, אַז אין די פּעטראָגראַדער זאַוואָדן איז דערקלערט געוואָרן אַ שטרייק און אַז צווישן די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעהייבן אומרוען צוליב דעם גרויסן דוחק אין פּראָדוקטן. אַ סך פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך קען מען אפילו נישט קריגן פאַר הויכע פּרייזן.

אין דעמזעלבן טאָג איז פון קריגסמיניסטעריום דערהאַלטן געוואָרן אַ צווייטע טעלעגראַמע, אין וועלכער עס איז מיטגע־טיילט געוואָרן, אַז די פּעטראָגראַדער אַרבעטער זינגען אויף די גאַסן רעוואָלוציאָנערע לידער, וויקלען פאַנאַנדער רויטע פלאַגן, און אַז דידאָזיקע באַוועגונג צעוואַקסט זיך אַלץ שטאַר־קער און שטאַרקער.

דעם 11־טן מערץ האָט דער קריגסמיניסטער גענעראַל בעלאַיעוו און גענעראַל כאַבאַלאָוו, דער קאָמענדאַנט פונם פּעט־ראָגראַדער מיליטערישן קרייז, מיטגעטיילט אין דער הויפּטקוואַר־טיר, אַז מאַנכע מיליטער־טיילן, וואָס זענען אַרויסגערופן גע־וואָרן איינצושטילן די גאַסן־אומאָרדענונגען, האָבן זיך אָפּגע־זאָגט צו שיסן אין המון און זענען איבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון די צעבייזערטע אַרבעטער, צו וועלכע עס האָט זיך אויך באַהעפט דער זייטיקער גאַסן־המון.

גענעראַל בעלאַיעוו האָט געפּרואווט באַרואיקן, מיטטיילנ־דיק, אַז ער האָט אָנגענומען אַלע מיטלען צו מאַכן אַ סוף

מיט די איבערדעמונגען אין אז ער איז זיכער, אז אלץ וועט זיך איינגיבן איינשטילן.

גענעראל כאבאלאוו איז אפילו נישט געווען אזוי זיכער אין זיינע קרעפטן און ער האט געבעטן, מען זאל אים ארויס-שיקן פארשטארקונגען, ווייל דער פעטראגראדער גארניזאן פאר-לירט ביסלעכווייז זיין דיסציפלין.

אין דעם אייגענעם טאג האט אויך ראדזיאנקא, דער פאר-זיצער פון דער גאסודארסטווענער דומע ארויסגעשיקט אין דער הויפטקוואַרטיר זייער א באַאומרואיקלעכע טעלעגראמע, אין וועלכער ער האט אנגעוויזן, אז דאס מיליטער בינטעוועט זיך, אז עס גייט איבער אויף דער זייט פון די ארבעטער, אז עס ארעסטירט זיינע אפיצירן, אז די לאגע איז זייער אן ערנסטע און אז מען מוז ארויסשיקן זיכערע מיליטער-טיילן קיין פעט-ראגראד, כדי צו דערהאלטן די ארדענונג.

דאס איז שוין געגאנגען די רעוואלוציע און האט גע-קלאפט אין אלע טירן אין פעטראגראד. אין דער הויפטקוואר-טיר, וואו עס האט זיך רעסאלט געפונען דער קיסר, האט מען גענומען שמעכן, אז מען דארף ארויסשיקן זיכערע טרופּן קיין פעטראגראד און מאכן א סוף מיט די בונטן.

גענעראל אלעקסייעוו*) האט ארויסגעשיקט טעלעגראמעס צו אלע הויפט-קאמאנדירן פון די פראנטן, אז זיי זאלן תיכף ומיד ציגרייטן קיסר-טרייע מיליטער-טיילן, וואס וועלן אפגע-שיקט ווערן קיין פעטראגראד.

דעם 11-טן מערץ אינאוונט און דעם 12 טן מערץ אינ-דערפרי האט די הויפטקווארטיר ווידעראמאל באקומען טעלע-גראמעס פון פעטראגראד אויפן נאמען פון קיסר. די טעלעגרא-

*) שטאב-כעף פון דער הויפטקווארטיר פונם העכסטן הויפט-קאמאנדיר.

מעס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ראָדזיאַנקאָן, דעם פּאָר־
זיצער פון דער גאָסוד. דומע און אין זיי זענען ווידעראַמאָל
מיט שוואַרצע פאַרבן געשילדערט געוואָרן די געשעענישן אויף
די פּעטראָגראַדער גאַסן און עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז
דאָס איינציקע מיטל אָפּצושטעלן די רעוואָלוציע און צו מאַכן
אַן אָרדענונג אין שטאָט איז — באַזייטיקן אַלע מיניסטאָרן,
דערקלערן דורך אַ מאַניפעסט, אַז דער נייער מיניסטאָרן־קאַבי־
נעט וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאָסודאַרסטווענער
דומע. דאָס צוזאַמענשטעלן דעם נייעם מיניסטאָרן־קאַבינעט
דאַרף איבערגעגעבן ווערן אַ פּערזאָן, וואָס פאַרדינט גרויס
צוטרוי ביי דער געזעלשאַפט.

גענעראַל אַלעקסייעוו האָט דידאָזיקע טעלעגראַמע געוויזן
דעם קיסר. דער קיסר האָט, ווי זיין שטייגער איז, צוגעשוויגן
און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט נאָר געהייסן אַרויסרופן
דעם גענעראַל איוואַנאָוו, דעם באַרימטן „ראָוונער איוואַנאָוו“,
וואָס האָט אַזוי ברוטאַל געבאַלעבאַטעוועט איבער אונזער לעבן
אין ראָוונע, און אַרויסשיקן אים קיין פּעטראָגראַד מיט דער
מיסיע צו דערשטיקן דעם „בונט“.

מיט דעם ענין האָט מען זיך אין דער הויפּטקוואַרטיר
נישט שטאַרק צוגעאיילט. יעדע אויפרעגונג און באַאומרואיקונג
איז עפּעס ווי פון זיך אַליין אויסגעלאָשן געוואָרן ביי דער
גלייכגילטיקייט און אַפּאַטישקייט פון קיסר.

גענעראַל איוואַנאָוו, ווידער, האָט קענטיק, אויך געהאַלטן,
אַז די לאַגע איז נישט אַזאַ געפערלעכע, ווי מען מיינט. ער
האָט זיך זייער לאַנגזאַם צוגעגרייט צו זיין נסיעה און האָט
געהייסן זיין אַדיוטאַנט איינקויפן אין מאָהילעוו פאַרשיידענע
פּראָדוקטן, מיט וועלכע איוואַנאָוו האָט געוואָלט דערפרייען די
הערצער פון זיינע באַקאַנטע אין פּעטראָגראַד.

דעם 12־טן מערץ פאַר מיטאָג האָט גענעראַל אַלעקסייעוו אָרויסגערופן צו דער דירעקטער לייטונג דעם גרויספירשט מיכאַיל אַלעקסאַנדראָוויטש*).

דער גרויספירשט האָט אייגנטלעך באַשטעטיקט פאַר דעם גענעראַל אַלעקסייעוו דאָס אַלץ, וואָס איז געשילדערט געוואָרן אין די לעצטע טעלעגראַמעס פון פעטראָגראַד. ער האָט געבעטן דעם גענעראַל אַלעקסייעוו, ער זאָל איבערגעבן דעם קיסר, אַז דער איינציקער אויסוועג פון דער לאַגע איז, לויט זיין מיינונג: פאַנאַנדערלאָזן דעם איצטיקן מיניסטאָרן־קאַבינעט און געבן די הסכמה אויף צו שאַפן אַ נייע רעגירונג, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאָסוד. דומע. צוזאַמענשטעלן די רעגירונג דאַרף אָדער פירשט לוואָוו, דער פאָרזיצער פון דעם אַלרוסישן „זעמסקי סאָיוז" אָדער ראָדזיאַנקאָ, דער פאָרזיצער פון דער גאָסוד. דומע.

גענעראַל אַלעקסייעוו איז אַוועק מיט אַ באַריכט צום קיסר.

דער קיסר האָט אים אויסגעהערט און האָט אים געזאָגט, ער זאָל איבערגעבן דעם גרויספירשט, אַז ער, דער קיסר, דאַנקט אים פאַר דער עצה, אָבער ער ווייס אַליין גאַנץ גוט, וואָס מען דאַרף טאָן.

באַלד דערויף איז אָבער אָנגעקומען אַ נייע טעלעגראַמע, און דאָסמאָל פון דעם פאָרזיצער פון מיניסטאָרנראַט. פירשט גאָליצין, דער פאָרזיצער פונם מיניסטאָרנראַט האָט אָנגעוויזן אין זיין טעלעגראַמע, אַז די געשעענישן אין דער הויפטשטאָט נעמען אָן אַ קאַטאַסטראָפאַלן כאַראַקטער און ער בעט דעם קיסר, אַז ער זאָל תיכף־ומיד באַפרייען אין דעמיסיע אַלע מי־

*) ניקאָלאַיס ברודער.

ניסטאָרן. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דער איצטיקער צוזאַמענשטעל פון די מיניסטאָרן קען מער נישט פאַרבלייבן ביי דער מאַכט, אַז פראָטאָפּאָפּאָוו, אַ שטייגער, רופט אומעטום אַרויס גרויס צאָרן און אויפרעגונג און אַז ביי דעם איצטיקן מאָמענט איז, לויט זיין מיינונג, מעגלעך צו ראַטעווען די לאַגע און אַפילו די דינאַסטיע נאָר מיט דעם, וואָס דער קיסר וועט נאָכגעבן דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג און וועט לאָזן פאָרמירן אַ מיניסטאָרן-קאַבינעט, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די געזעצגעבנדיקע פאַלאַטעס. צולעצט האָט גאַליצין אויך געזאָגט דאָסזעלבע, וואָס דער גרויספירשט מיכאַיל אַלעקסאַנדראָוויטש, נעמלעך, אַז צוזאַמענשטעלן דעם קאַבינעט דאַרף פירשט לוואָוו אָדער ראָדזיאַנקאָ.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט שרייבט גענעראַל לוקאָמסקי*) אין זיינע מעמוארן: „גענעראַל אַלעקסייעוו האָט דידאַזיקע טע-לעגראַמע געוואָלט אָוועקשיקן דעם קיסר דורכן דעזשורנעם פליגל-אַדיוטאַנט. איך האָב אָבער געזאָגט דעם גענעראַל אַלעק-סייעוו, אַז די לאַגע איז אַ צו ערנסטע און אַז ער מוז גיין אַליין; אַז מיר קענען דאָ נישט אָפּשאַצן, ווי געהעריק, די פעטראָגראַדער געשעענישן; אַז דער איינציקער אויסוועג איז מסתמא דער, וועלכן עס לייגן פאָר ראָדזיאַנקאָ, גרויספירשט מיכאַיל און פירשט גאַליצין; אַז ער, גענעראַל אַלעקסייעוו, מוז גוט איינטענהן וועגן דעם מיטן קיסר.

„גענעראַל אַלעקסייעוו איז אַוועק.

„אין צען מינוט אַרום איז ער צוריקגעקומען און האָט געזאָגט, אַז דער קיסר איז זייער נישט צופרידן מיטן אינהאַלט פון פירשט גאַליצינס טעלעגראַמע און האָט געזאָגט, אַז ער אַליין וועט שוין צוזאַמענשטעלן א תשובה.

*) גענעראַל-קוואַרטירמייסטער פון דעם העכסטן הויפטקאָמאַנדיר.

„האָט איר אָבער געפּרואווט צורעדן דעם קיסר, אַז ער זאָל איינגיין אויף דער בקשה פונם פאָרזיצער פונם מיניסטאָרנ-ראַט? האָט איר אים געזאָגט, אַז איר זענט אויך מיט דער-זעלבער מיינונג, וואָס ער?"

„דער קיסר האָט גאָר פשוט נישט געוואָלט רעדן מיט מיר. איך פיל מיך זייער שלעכט און איך גיי מיך אַנידער-לייגן. אויב דער קיסר וועט צושיקן עפּעס אַ תשובה, זאָלט איר מיר באַלד קומען זאָגן".

„די טעמפּעראַטור ביים גענעראַל אַלעקסייעוו איז באמת געווען העכער 39.

„אין צוויי שעה אַרום איז אַריינגעלאָפן צו מיר דער דעזשורנער אָפיציר און האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז דער קיסר גייט צו אונז.

„איך בין אים אַרויס אַנטקעגן.

„ווען איך האָב מיך גענומען אַראָפּלאָזן פון די טרעפּ, האָב איך דערזען דעם קיסר אויף דער ערשטער טרעפּ-פּלאַטפאָרם.

„זיין מאַיעסטעט האָט געפרעגט:

„וואו איז גענעראַל אַלעקסייעוו?"

„ער איז ביי זיך אין צימער. ער פילט זיך שלעכט און האָט זיך צוגעלייגט. איך בעט אייך, אייער מאַיעסטעט, אַריינגיין דערווייל צו אונז אין קאַבינעט און איך וועל באַלד אַ רוף טאָן דעם גענעראַל אַלעקסייעוו".

„דער קיסר האָט געזאָגט:

„ניין, מען דאַרף נישט. דידאָזיקע טעלעגראַמע גיט תיכף איבער דעם גענעראַל אַלעקסייעוו און זאָגט אים, אַז איך בעט מען זאָל זי גלייך איבערשיקן מיט דער דירעקטער לייטונג. דערביי זאָלט איר אים זאָגן, אַז דאָס איז מיין ענדגילטיקער

באשלוס, וועלכן איך וועל נישט ענדערן, און דעריבער איז אינגאנצן איבעריק צו קומען צו מיר מיט באריכטן וועגן דער־דאָזיקער פראַגע".

גאָט אין הימל! ווי טעמפּ, ווי בלינד דער מענטש האָט געהאנדלט אין דעם־דאָזיקן העכסט טראגישן מאָמענט!

וואָס איז געשטאנען אין זיין טעלעגראַמע? דאָס וועלן מיר זען אין דעם ווייטערדיקן קאפּיטל.



## קאַפּיטל XVIII

די דראָענדיקע לאַגע אין פּעטראָגראַד.—ניקאָלאַיס בלינדקייט. — זיין טעלעגראַמע, וואָס גיסט צו בוימל אויפן פייער. — אַלץ זאָל בלייבן ביים אַלטן. — ניקאָלאַי איז פּאַרעקשנט. — גענעראַל אַלעקסייעוו פּאַרמיטלט כּסדר. — מען רעדט שוין אָפן פון דער פּעטראָגראַדער רעוואָלוציע. — מען לאָזט נישט דורך דעם קיסרס צוג. — אין פּסקאָוו. — גענעראַל רוזסקי. — אין דער הויפּט־קוואַרטיר אָן דעם קיסר. — די רעוואָלוציע וואַרפט זיך איבער אין מאָסקווע. — דאָס מיליטער וויל נישט שיסן אין די אַרבעטער. — די מיינונג פון די הויפּטקאָמאַנדירן. — גוטשקאָוו און שולגין אין פּסקאָוו. — ניקאָלאַיס מאַניפעסט וועגן זיין אַבדיקאַציע. — די פּראָוויזאָרישע רעגירונג. — דער ערשטער עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע.—די שטימונג אין דער הויפּטקוואַרטיר. — אָפיצירן וויינען און פאַלן אין חלשות. — די לעצטע נסיעה פון ניקאָלאַי ראָמאַנאָוו.—די איינזאַמקייט פון מושל.

עס איז שווער צו זאָגן, צי וואָלט ניקאָלאַי געראַטעוועט די סיטואַציע, ווען ער וואָלט זיך דעמאָלט געקענט באַשליסן אויף אַ קלוגן שריט. עס איז שוין געווען צו שפּעט אַפילו פאַר אַ קלוגן שריט. אין פּעטראָגראַד האָט זיך דאָס מיליטער נמעט צונויפגעגאָסן מיט די אַרבעטער. די לאַגע איז געווען אַ דראָענדיקע.

ניקאָלאַי איז געווען בלינד און טויב פאַר די געשעענישן. ער האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז זיין כּאָכט האָט אַ וואָג און אַז די שלעכטע ידיעות וועגן די אומאָרדענונגען אין לאַנד פאַרשפּרייטן אומ־שנע די שונאים פון טראָן. אין דער טעלעגראַמע, וואָס ניקאָלאַי האָט אין יענעם טראַגישן מאָמענט איבערגעגעבן דעם גענעראַל לוקאָמסקי און וואָס איז געווען אַדרעסירט צום פּאָרזיצער פון מיניסטאָרנראַט, האָט ער געשריבן, אַז ביי דער איצטיקער סיטואַציע אין לאַנד קען ער נישט דערלאָזן קיין שום ענדערונגען אין דעם צוזאַמענשטעל פון מיניסטאָרנראַט און ער פאָדערט בלויז, אַז עס זאָלן אָנגענומען ווערן די האַרבסטע מיטלען צו דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און דעם בונט צווישן מאַנכע מיליטער־טיילן פונם פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן.

ווייטער ווייזט אָן דער קיסר אין דער טעלעגראַמע, אַז דער פּאָרזיצער פון מיניסטאָרנראַט באַקומט די רעכט פון אַ דיקטאַטאָר, נאַטירלעך, בלויז איבער יענע ראַיאָנען פון לאַנד, וואָס זענען נישט אונטערגעוואָרפן דעם העכסטן הויפּטקאָמאַנדיר. גענעראַל איוואַנאָוו, ווידער, פאָרט אַרויס קיין פּעטראָגראַד מיט דיקטאַטאָרישע פולמאַכטן, כּדי איינצושטילן דעם בונט און מאַכן אָרדענונג אין שטאָט. אַזוי־אַרום האָט פּעטראָגראַד באַקומען פאַר איינמאָל צוויי דיקטאַטאָרן.

גענעראַל לוקאָמסקי שרייבט אין זיינע מעמואַרן:

„איך האָב ווידער געבעטן דעם גענעראַל אַלעקסייעוו, ער זאָל גיין צום קיסר און אים בעטן מיט תּחנונים, אַז ער זאָל ענדערן זיין באַשלוס. דער שעף פון שטאַב האָט אַ ביסל געקווענקלט און איז דאָך אַוועק צום קיסר.

„נאָכדעם איז ער צוריקגעקומען און געזאָגט, אַז דער קיסר ענדערט נישט זיין באַשלוס.

„די טעלעגראַמע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן.

„שפּעטער האָט מען געשמועסט אין דער הויפּטקוואַרטיר, אַז ביז עס איז אָנגעקומען די טעלעגראַמע פונם פאָרזיצער פון מיניסטאָרנראַט, האָט דער קיסר העכער צוויי שעה גע־רעדט אין טעלעפאָן

„אַ באַזונדער טעלעפאָן האָט פאַרבונדן מאָהילעוו מיט צאַרסקאָיע סעלאָ און פּעטראָגראַד.

„אַזוי ווי דער קיסר האָט אַרויסגעשיקט די טעלעגראַמע צום פאָרזיצער פונם מיניסטאָרנראַט, זענען אַלע געווען זיכער, אַז דער קיסר האָט די גאַנצע צייט גערעדט מיטן ווייב, וואָס האָט דעמאָלט געוואוינט אין צאַרסקאָיע סעלאָ.

„ביזן אָוונט זענען פון פּעטראָגראַד אָנגעקומען נאָך עט־לעכע טעלעגראַמעס, וואָס האָבן אַלץ אָנגעוויזן, אַז די לאַגע אין שטאָט ווערט כסדר ערנסטער.

„ניין אַ זייגער אינאָוונט, בעת איך בין געזעסן ביי מיר אין קאַבינעט, האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין טיר און עס איז אַריינגעקומען דער הויף־קאָמענדאַנט וואָיעיקאָוו.

„דער הויף־קאָמענדאַנט האָט מיר געזאָגט, אַז דער קיסר האָט באַפוילן, מען זאָל תיכף־ומיד צוגרייטן די ליטערנע צוגן*). ער וויל באַלד אַרויספאָרן קיין צאַרסקאָיע סעלאָ, יעדנ־פאַלס נישט שפּעטער פון עלף אַ זייגער אינאָוונט.

„איך האָב געזאָגט, אַז מען קען צוגרייטן די צוגן אויף עלף אַ זייגער, אָבער צוליב טעכנישע אומשטענדן קענען זיי פריער, ווי זעקס אַ זייגער פאַרטאָג, נישט אָפּגיין פון מאָהי־

---

*) ליטערנע צוגן ווערן אָנגערופן די צוויי צוגן, וואָס גייען איינער נאָכן אַנדערן בעת דעם קיסרס נסיעות. אין איינעם פון די־אָזיקע צוגן פאָרט גע־וויינלעך דער קיסר.

לעוו: עס מוז צוגעגרייט ווערן אַ פרייער וועג און מען מוז אומעטום פאַנאַנדערשיקן טעלעגראַמעס.

„נאָכדעם האָב איך אָנגעוויזן דעם גענעראַל וואָיעיקאָוו, אַז דעם קיסרס באַשלוס אַרויסצופאָרן קיין צאַרסקאָיע סעלאָ איז ממש פאַרבונדן מיט גרויסע קאַטאַסטראָפעס און אַז לויט מיין מיינונג מוז ער דורכאויס פאַרבלייבן אין מאָהילעוו. איך האָב אים אויך אָנגעוויזן, אַז עס קען זיך פאַרלירן דער קאָנ-טאַקט צווישן דעם קיסר און דעם שטאַב, אויב עס וועט נאָר פאָרקומען עפּעס אַן אָפּהאַלט אין וועג; אַז מיר ווייסן נישט קיין שום באַשטימטעס, וואָס עס טוט זיך אין פעטראָגראַד און אין צאַרסקאָיע סעלאָ און אַז פאַר דעם קיסר איז אַזאַ מין נסיעה געפערלעך.

„גענעראַל וואָיעיקאָוו האָט געענטפערט, אַז דער קיסר וועט נישט ענדערן זיין באַשלוס און האָט געבעטן, אַז איך זאָל באַלד מאַכן די נויטיקע פאַראָרדענונגען.

„איך האָב אין טעלעפאָן געגעבן די נויטיקע אָנווייזונגען דעם שעף פונם קריגס-פאַרקער און בין אַוועק צום גענעראַל אַלעקסייעוו, וואָס האָט זיך שוין געלייגט שלאָפן.

„איך האָב אים אויפגעוועקט און האָב ווידעראַמאָל מיט אים איינגעטענהט, אַז ער זאָל תיכף גיין צום קיסר און זאָל אים אָפּרעדן פון זיין נסיעה קיין צאַרסקאָיע סעלאָ.

„איך האָב געזאָגט, אַז אויב דער צאַר וויל נישט איינ-גיין אויף קיין שום הנחות, וואָלט איך עס פאַרשטאַנען, ווען ער וואָלט, אַ שטייגער, געוואָלט תיכף-ומיד אַרויספאָרן אין דער באַזונדערער אַרמעע (אין דערדאָזיקער אַרמעע האָבן זיך גע-פונען מאַנכע טיילן פון דער גוואַרדיע), אויף וועלכער מען קען זיך פולשטענדיק פאַרלאָזן. אָבער די נסיעה קיין צאַרסקאָיע סעלאָ קען זיך ענדיקן מיט אַ קאַטאַסטראָפע.

„גענעראל אלעקסייעוו האָט זיך אָנגעטאָן און איז אוועק צום קיסר.

„ער האָט גאַנץ לאַנג פאַרבראַכט ביים קיסר, און ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער געזאָגט, אַז זיין מאַיעסטעט איז שטאַרק אומרואיק וועגן דער קיסרינע און די קינדער און האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין צאַרסקאָיע סעלאָ.

„איינס אַ זייגער ביינאַכט האָט זיך דער קיסר אַריינגעזעצט אין צוג, וואָס איז אָפּגעגאַנגען זעקס אַ זייגער אינדערפרי דעם 13-טן מערץ.

„אין אַ פּאָר שעה אַרום איז דערהאַלטן געוואָרן אַ טעלעגראַמע פונם פאָרזיצער פון דער גאָסוד. דומע, אין וועלכער עס איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז די רעוואָלוציע אין פעטראָגראַד האַלט אין רעכטן ברען, אַז אַלע רעגירונגס-אָרגאַנען האָבן אויפגעהערט צו פונקציאָנירן, אַז די מיניסטאָרן ווערן גרופּעסווייז אַרעסטירט, אַז דער המון באַהערשט באַלד די לאַגע, און כדי אויסצומיידן די אויסראָטונג פון די אָפּיצירן און דער אַדמיניסטראַציע און כדי צו באַרואיקן די צעפּלאַקערטע ליידנשאַפטן, האָט דער קאָמיטעט פון דער גאָסוד. דומע באַשלאָסן צו נעמען אויף זיך די פונקציעס פון דער רעגירונג. בראש פון דעמדאָזיקן קאָמיטעט שטייט דער פאָרזיצער פון דער גאָסוד. דומע.

„דעם קיסרס צוג איז צוגעגאַנגען צו דער סטאַציע דנאָ. ווייטער האָט מען אים נישט אַדורכגעלאָזט אונטערן אויסרייד, אַז די בריק איז קאַליע געוואָרן.

„דער קיסר האָט געוואָלט אַדורכפאָרן דורך דער סטאַציע באָלאָגאָיע, אָבער מען האָט אים אויך אַהין נישט אַדורכגעלאָזט.

„עס האָט זיך געשאַפן אַ שרעקלעכע לאַגע: ס'האָט זיך

פאַרלאָרן דער קאָנטאַקט פונם קיסר מיט דער הויפּטקוואַרטיר, און לויט דער אינסטרוקציע פון פּעטראָגראַד, ווייל מען דעם קיסר אומישנע נישט אַדורכלאָזן קיין צאַרסקאָיע סעלאָ.

„צולעצט האָט דער קיסר באַשלאָסן צו פאָרן קיין פּסקאָוו.

„קיין פּסקאָוו איז דער קיסר געקומען דעם 14-טן מערץ.

„וואָס האָט אייגנטלעך דערוועגט דעם קיסר זיך אַוועקצולאָזן קיין פּסקאָוו, וואו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב פונם הויפּטקאָמאַנדיר גענעראַל רוזסקי, אָנשטאָט דעם זיך אומצוקערן צוריק אין דער הויפּטקוואַרטיר אין מאָהילעוו?

„מען דערקלערט עס דערמיט, וואָס ביים אָנהייב פון דער רעוואָלוציע, בעת דער קיסר איז געווען אין מאָהילעוו, האָט ער נישט געשפּירט קיין פעסטן אָנהאַלט אין דעם גענעראַל אַלעקסייעוו, זיין שטאַב-שעף און האָט באַשלאָסן צו פאָרן אין דער אַרמעע אויפן צפון-פראָנט, ווייל ער האָט געהאָפט דאָרט צו געפינען אַ מער זיכערן שטיצפונקט אין דעם גענעראַל רוזסקי.

„דאָס איז אפשר מעגלעך, אָבער ס'קען אויך מעגלעך זיין, אַז דער קיסר, וואָס האָט זיך דורכאויס געוואָלט פאַרבינדן מיט דער פאַמיליע, האָט געוואָלט פאַרבלייבן ערגעץ אינדערנאָענט פון צאַרסקאָיע סעלאָ, און אַזאַ פונקט, וואו מען האָט געקענט געפינען אַ גוטן קאָנטאַקט אי מיט דער הויפּטקוואַרטיר, אי מיט צאַרסקאָיע סעלאָ, איז טאַקע געווען פּסקאָוו, וואו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב פונם צפון-פראָנט".

* * *

„באַלד ווי דער קיסר איז אַרויסגעפאָרן פון דער הויפּט־קוואַרטיר“, שרייבט ווייטער גענעראַל לוקאָמסקי, „דעם 13־טן און דעם 14־טן מערץ, האָבן זיך די געשעענישן אין פּעטראָגראַד אַנטוויקלט מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט.

„אין דער הויפּטקוואַרטיר האָבן מיר כסדר באַקומען טע־לעגראַמעס פון פּעטראָגראַד, און דידאָזיקע טעלעגראַמעס האָבן אונז ברייט געשילדערט דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע, ווי מען דערהרגעט אָפיצירן און פּאָליציי־באַאַמטע, ווי כמעט אַלע מיליטער־טיילן זענען איבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערן, ווי עס האָט אויסגעבראָכן אַ בונט אין באַל־טישן פלאָט, וואו מען האָט דערהרגעט די פלאָט־אָפיצירן און ווי מען אַרעסטירט יעדן באַאַמטן, וואָס האָט נאָר עפּעס אַ שטיקל אָנזען.

„אומרוען האָבן זיך אָנגעהייבן אויך אין מאָסקווע און אין אַנדערע גרויסע שטעט, וואו עס האָבן זיך געפונען רע־זערוו־באַטאַליאָנען.

„די אינפאַנטעריע־טיילן, וואָס זענען אָפּגעשיקט געוואָרן פון צפון־פראָנט קיין פּעטראָגראַד, זענען אין לוג באַגעגנט געוואָרן דורך די דעלעגאַטן פון די אָרטיקע רעזערוו־טיילן. די אינפאַנטעריע־טיילן האָבן אָפּגעגעבן זייערע ביקסן און האָבן געמאָלדן, אַז קענען די אייגענע וועלן זיי זיך נישט שלאָגן.

„דעם 14־טן מערץ אינדערפרי איז אָנגעקומען פונם פאַר־זיצער פון דער גאָסוד. דומע אַ טעלעגראַמע, אַז קיין פּסקאָוו, וואוהין דער קיסר איז איבערגעפאָרן פון דער סטאַציע דנאָ, ווערט אַרויסגעשיקט אַ דעפּוטאַציע אין נאָמען פון קאָמיטעט

פון דער גאָסוד. דומע. די דעפּוטאַציע באַשטייט פון גוטש־קאָוון און שולגינען און זיי דאַרפן באַלייכטן פאַרן קיסר די גאַנצע סיטואַציע און אַרויסזאָגן די מיינונג, אַז דער איינציקער אויסוועג איינצושטילן די רעוואָלוציע און צו פערמעגלעכן די ווייטערע פירונג פון דער מלחמה איז נאָר דער, אַז דער קיסר זאָל זיך אָפּזאָגן פון טראָן לטובת זיין זון און באַשטימען מיכאיל אַלעקסאַנדראָוויטשן פאַרן רעגענט."

איידער גוטשקאָוו און שולגין האָבן זיך גענומען פאַר זייער היסטאָרישער מיסיע, האָבן זיך אַלע הויפּטקאָמאַנדירן פון די פראָנטן אַרויסגעזאָגט פאַר דעם קיסרס אַבדיקאַציע. זיי האָבן אויך קיין אַנדער אויסוועג נישט געזען אין דער לאַגע. אַפילו ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, וואָס האָט זיך געפונען אין קאַווקאַז, האָט טעלעגראַפירט פון דאָרט, אַז ער איז אויך דער מיינונג וועגן דעם קיסרס אַבדיקאַציע. דער קיסר מוז זיך אָפּזאָגן פון טראָן לטובת זיין זון. גענעראַל אַלעקסייעווס מיינונג איז אין פלוג געווען די וויכטיקסטע, ווייל ער איז געווען דער שעף פון שטאַב פון דעם העכסטן הויפּטקאָמאַנדיר, אָבער אויך ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר ניקאָלאַיס אַבדיקאַציע.

די מיינונגען פון די הויפּטקאָמאַנדירן זענען איבערגעשיקט געוואָרן דעם גענעראַל רוזסקי, וועלכער האָט זיי איבערגעגעבן דעם קיסר אין פּסקאָוו.

דעם 14־טן מערץ, שפּעט אין אָוונט, האָט גענעראַל רוזסקי טעלעגראַפירט אין דער הויפּטקוואַרטיר, אַז דער קיסר האָט באַפוילן אויסצואַרבעטן אַ פּראָיעקט פון אַ מאַניפעסט וועגן זיין אַבדיקאַציע לטובת דעם טראָנירש און וועגן באַשטימען דעם גרויספירשט מיכאיל אַלעקסאַנדראָוויטש פאַר אַ רעגענט. דעם פּראָיעקט פון מאַניפעסט האָט ער געהייסן איבערגעבן רוזסקין דורך דער דירעקטער לייטונג.

ווענן דעם שרייבט לוקאָמסקי אין זיינע זכרונות:

„איך האָב געמאָלדן דעם גענעראַל אַלעקסייעוו וועגן דערדאָזיקער פאַראָרדענונג און ער האָט מיר געהייסן, איך זאָל צוזאַמען מיטן ה׳ באַזילי, דעם שעף פון דער דיפּלאָמאַטישער אָפּטיילונג אין דער הויפּטקוואַרטיר, אויסאַרבעטן דעם פּראָיעקט פון דעם מאַניפעסט.

„דער אויסגעאַרבעטער פּראָיעקט איז אָפּגעשיקט געוואָרן דעם גענעראַל רוזסקין דורך דער דירעקטער לייטונג. אויפן באַפעל פון גענעראַל אַלעקסייעוו איז דערדאָזיקער פּראָיעקט איבערגעגעבן געוואָרן אויך דעם פּאָזיצער פון דער גאָסודאַר־סטווענער דומע.

„דעם 15־טן מערץ, נאָך דעם שמועס מיט גוטשקאָוון און שולגינען, האָט דער קיסר געוואָלט אונטערשרייבן דעם מאַני־פעסט וועגן זיין אַבדיקאַציע לטובת דעם טראָניורש.

„אָבער ווי גענעראַל רוזסקי האָט מיר שפּעטער דערציילט, האָט דער קיסר אין דער לעצטער מינוט, ווען ער האָט שוין גענומען די פעדער אין האַנט אונטערצושרייבן דעם מאַניפעסט, אַ פרעג געטאָן גוטשקאָוון, צי ער, דער קיסר, וועט קענען וואוינען אין קרים.

„גוטשקאָוו האָט געענטפערט, אז דאָס איז אוממעגלעך, ווייל דער קיסר וועט מוזן אומגעזאַמט אַרויספאָרן אין אויסלאַנד.

„צי וועל איך אָבער קענען מיטנעמען דעם טראָניורש מיט זיך?״ האָט דער קיסר געפרעגט.

„גוטשקאָוו האָט געענטפערט, אַז אויך דאָס איז אוממעג־לעך, אַז דער נייער קיסר מוז, אונטער דער השגחה פון רע־גענט, פאַרבלייבן אין רוסלאַנד.

„דעמאָלט האָט דער קיסר געזאָגט, אַז ער קען אַלץ

מקריב זיין פאַרן פאָטערלאַנד, אָבער ער קען זיך בשום אופן נישט שיידן מיטן זון — דאָס איז איבער זיינע כוחות, און דעריבער קען ער נישט געבן זיין הסכמה דערויף

„דער קיסר האָט סוף־כל־סוף באַשלאָסן זיך אָפּצוזאָגן פון טראָן אי פאַר זיך, אי פאַרן טראָניורש און איבערגעבן דעם טראָן זיין ברודער מיכאַיל אַלעקסאַנדראָוויטש. דערמיט איז דער ענין באַשלאָסן געוואָרן און דער אויסגעבעסערטער מאַני־פעסט איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון קיסר״

פאַרן אַבדיקירן איז דער קיסר שוין מרוצה געוואָרן אונטערצושרייבן דעם באַפעל וועגן דער דעמיסיע פון מיניס־טערן־קאַבינעט און וועגן דער באַשטימונג פונם פירשט לוואָוו אַלס פאָרזיצער פון מיניסטאָרנראַט. באַלד דערויף זענען, נאַ־טירלעך, צעשיקט געוואָרן טעלעגראַמעס וועגן די אַבדיקאַציעס פון קיסר און דעם טראָניורש.

„ווען מיר האָבן באַקומען דידאָזיקע ידיעה אין דער הויפטקוואַרטיר״, שרייבט ווייטער לוקאָמסקי, „האָבן מיר פאַר־שטאַנען, אַז דערמיט וועט זיך די זאַך נאָך נישט ענדיקן.

„דעם 16־טן מערץ האָט זיך דער קיסר צוריקגעקערט פון פסקאָוו קיין מאָהילעוו.

„די שטימונג אין דער הויפטקוואַרטיר איז געווען אַ גע־דריקטע.

„קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז די פּראָוויזאָרישע רע־גירונג, וואָס איז פאָרמירט געוואָרן אין פעטראָגראַד מיטן פירשט לוואָוו בראש, וועט שטיין אויף דער געהעריקער הויך.

„עס האָט זיך געפילט, אַז מען האָט בלויז אַדורכגע־מאַכט דעם ערשטן עטאַפּ פון דער רעוואָלוציע; אַז די גאָסוד. דומע, וואָס האָט ביז אַ געוויסן גראַד אָנגעפירט מיט די גע־

שעניש פאַר דעם קיסרס אַבדיקאַציע און וואָס לויט איר איניציאַטיוו איז פאָרמירט געוואָרן די פּראָוויזאָרישע רעגירונג, ווערט בּיסלעכווייז באַזייטיקט און פאַרשטעלט אין שאָטן דורך אַ נייעם אָרגאַן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער געשטאַלט פונם אַרבעטער- און סאָלדאַטנראַט. עס האָט זיך געפילט, אַז דער דאָזיקער נייער אָרגאַן איז קודם-כל פיינטלעך דער אַרמעע, און ס'איז נאָך אַ ספק, צי מיט דער גרינדונג פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג וועט ער זיך וועלן אָפּזאָגן פון זיין חשק צו פאַרטיפערן די רעוואָלוציע.

„דער דאָזיקער ראַט האָט באַלד אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע גענומען שיקן אַגיטאַטאָרן אויפן פראָנט, און זיי האָבן אויפגעהעצט די זעלנער קעגן די אָפיצירן און געפאָדערט, מען זאָל איינפירן צווישן אַלע מיליטערטיילן קאָמיטעטן, וועלכע זאָלן פאַרכאַפן די מאַכט אין זייערע הענט.

„דאָס מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין מאָהילעוו, האָט זיך גענומען בונטעווען.

* * *

„צוזאַמען, נאָכדעם, ווי דער קיסר האָט זיך צוריקגעקערט פון פסקאָוו, איז די אַלטע קיסרינע-מוטער אַריינגעפאָרן קיין מאָהילעוו. דער קיסר האָט אַליין געזעגנט מיט זיין אָפּפאָר פון מאָהילעוו, און דאָס האָט, אַפנים, דערגערווירט פּעטראָגראַד, מחמת מען האָט פון דאָרט כסדר געפרעגט, ווען דער קיסר איז זיך מכין אַרויסצופאָרן פון דער הויפּטקוואַרטיר.

„איך ווייס נישט, פאַרוואָס דער קיסר האָט אַלץ געזעגערט מיט זיין נסיעה — צי דערפאַר, ווייל ער האָט זיך געוואָלט זען לענגער מיט זיין מוטער אָדער ווייל ס'איז אים געווען שווער אַרויסצופאָרן אויף שטענדיק קיין צאַרסקאָיע סעלאָ און דאָרט זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אַרעסטאַנט פון דער פּ־אָוויזאָרישער רעגירונג.

„צולעצט האָט דער קיסר געמאָלדן דעם גענעראַל אַלעקסייעוו, אַז ער פאָרט אַרויס דעם 21-טן מערץ קיין צאַרסקאָיע סעלאָ.

„וועגן דעם איז תיכף געמאָלדן געוואָרן אין פּעטראָגראַד, אַז עטלעכע דעלעגאַטן, וואָס וועלן אַרויסגעשיקט ווערן פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, וועלן באַגלייטן דעם קיסר קיין צאַרסקאָיע סעלאָ".

פאַרן אָפּפאָרן פון מאָהילעוו האָט זיך דער קיסר צעזעגנט מיט די אָפיצירן פון שטאַב, דערביי האָט ער געזאָגט, אַז ער אַבדיקירט לטובת דעם פאָטערלאַנד און לטובת דעם נצחון פונם רוסישן געווער. דער טראָן איז איבערגעגאַנגען צו זיין ברודער, אָבער אויך דער ברודער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן.

„די שטימונג איז געווען זייער אַ געשפּאַנטע", שרייבט לוקאָמסקי אין זיינע זכרונות. „מאַנכע האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן און האָבן זיך הויך אויפן קול צעוויינט. צוויי אָפיצירן זענען אַריינגעפאַלן אין אַ היסטעריק. עטלעכע מענטשן זענען אַוועקגעפאַלן אין חלשות.

„איינער אַן אַלטער וואַך־אָפיציר, וואָס איז געשטאַנען לעבן מיר, האָט תחילת עפּעס משונה אָפּגעזיפצט, נאָכדעם האָבן אים גענומען קאַפּען גרויסע טרערן פון די אויגן; אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער אַ געשריי געטאָן, און נישט אויס־

בויגנדיק די קני, איז ער אין זיין גאַנצער גרויס אַנידערגע־פאַלן אויף דער פאָדלאָגע מיטן פּנים אַראָפּ

„דער קיסר האָט נישט אויסגעהאַלטן. ער האָט זיך אײַנ־מיטן אָפּגעשטעלט, זיך פאַרנויגט, גענומען אויסווישן די אויגן און איז געשווינט אַרויס פון צימער״.

דער קיסר איז אַוועקגעפאָרן, און דאָס איז געווען די לעצטע נסיעה זיינע פון מאָהילעוו קיין צאַרסקאָיע סעלאָ.

עס איז געווען די לעצטע נסיעה און דער לעצטער ראָ־מאַנאָוו. די פּלומרשט טרייע מענטשן זיינע האָבן אים אַלע פאַרלאָזט. די געוואַלדיקע הורע־פּאַטריאָטן און די אַלע העלדן פון די שוואַרצע מאות, וואָס האָבן תמיד פאַרהילכט און פאַר־גרילצט די לופט מיט זייערע קולות און געשרייען, אַז זיי וועלן שטיין פאַרן טראָן ביזן לעצטן אָטעם, האָבן איצט געמאַכט אַ שוויג און זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו דעם קליינעם איינ־זאַמען באַבערדלטן מענטשן, וואָס האָט געהייסן ניקאָלאַי ראָ־מאַנאָוו.

אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהייבן אַ נייע תקופה — אַ שווערע תקופה



# קאַפּיטל XIX

ראָוונע און די גרויסע געשעעניסן אין רוסלאַנד. — דער מאַני-פעסט וועגן דעם קיסרס אַבדיקאַציע אין דער שטאָט-גאַלאָווע.— די שטאָט קאָכט ווי אין א קעסל. — די „סאָיוזניקעס" אלס „גלאַסנע" פון דער שטאָט-דומע.—די פּייערלעכע זיצונג.—אַנדראַ לייענט דעם מאַניפעסט וועגן דעם קיסרס אַבדיקאַציע. — א בייזע שטימע פון א „סאָיוזניק".—מען זיצט מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן.— די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין שטאָט. — די פּייערלעכע מאַניפעסטאַציע לכּבוד דער רעוואָלוציע. — גאַנץ ראָוונע מאַר-שירט אונטער כּענע־. — רב און קאָזאַק. — וואָס יידן שמועסן בעת דעם פּייערלעכן מאַ״ש. — הורא-דונערן. — די זאָרג וועגן מאָגן. — א דערלויבעניש אויף שפּייזפּראָדוקטן. — עגאָיסטן, וואָס מאַכן זאַפּאַסן. — די שפּייזקאַרטן אין דייטשלאַנד.

דער אָפּשיין פון די גרויסע געשעענישן אין רוסלאַנד איז אויך געפאַלן אויף ראָוונע. גענעראַל ברוסילאָוו איז געווען פון די ערשטע הויפּטקאָמאַנדירן, וואָס האָט צוגעשטימט צו דעם קיסרס אַבדיקאַציע. מיט זיין הסכמה איז אויך אָרגאַני-זירט געוואָרן דער ראַט פון די אַרבעטער און סאָלדאַטן.

דער מאַניפעסט וועגן דעם קיסרס אַבדיקאַציע איז אָנגע-קומען צו דעם ראָוונער מאַרשאַלעק אַנדראַ, וואָס האָט בכלל געשפּילט אַ גרויסע ראָל ביי אונז אין שטאָט. על-פּי-דין און

על־פי־שכל האָט ער געדאַרפט צונויפרופן די שטאָט־דומע און באַקאנט מאַכן דעם עולם מיטן מאַניפעסט. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. ער האָט בעסער געמאַכט אַ שווייג און נישט גערעדט אַ וואָרט וועגן דעם. אונזער שטאָט־גאָלאָווע, אַליין אַ פּאָליאַק, האָט אויך אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער. די־דאָזיקע לייט האָבן זיך שטאַרק געשראָקן פאַר די גרויסע היס־טאָרישע ענדערונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אויף זייערע אויגן. עס קען אָבער אויך זיין, אַז זיי האָבן בכלל נישט גע־גלויבט אין ניקאָלאַיס אַבדיקאַציע. עפּעס איז עס געווען צו גרויס, צו ניי און צו שרעקלעך...

פון די צייטונגען האָבן אָבער אַראָפּגעשריען די געוואַל־דיקסטע נייס, וואָס האָבן ממש אויפגעריסן די אויגן און די אויערן, און די רעוואָלוציאָנערן האָבן אויך נישט געשלאָפן. און דאָס, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַלע שטעט פון רוסלאַנד, האָט זיך אויך אָפּגעשפּילט אין ראָוונע.

אָן דער הילף פון מארשאַלעק און דעם שטאָט־גאָלאָווע האָט מען זיך שוין געעוי דערוואוסט פון דעם קיסרס אַבדי־קאַציע, און די אַרבעטער און זעלנער האָבן זיך מיטן גאַנצן ברען אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט.

אין שטאָט האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. די פירער פון די אַרבעטער און זעלנער זענען געקומען אין אופראַווע און געפאָדערט, אַז דער גאָלאָווע זאָל צונויפרופן אַ זיצונג און זאָל אָפיציעל מעלדן דער שטאָט וועגן דעם קיסרס אַבדיקאַציע.

מען האָט געזאָגט דעם גאָלאָווע:

„אויב איר וועט שפילן אין זשמורקעס מיט די געשעע־נישן אין לאַנד און איר וועט פאַרבאָרגן פון דער שטאָט דעם מאַניפעסט וועגן דער אַבדיקאַציע, וועט איר מאַכן אַ סך ער־

גער. מיר וועלן אַרויסטרעטן קעגן דער מאַכט... מיר וועלן אייך צעפּאַזעצן און מיר וועלן נעמען די לייצעס אין האַנט."

די שטאַט-פּאַרזאָרגער האָבן געמוזט נאָכגעבן. אין אַזאַ צייט שפּילט מען זיך נישט מיט פירער פון אַרבעטער און זעלנער. זייערע סטראַשונקעס זענען געווען זייער אויספירבאַר.

די „גלאַסנע" פון דער שטאָט-דומע זענען על-פּי-רוב געווען שטאָטישע איינוואוינער, מיטגלידער פון „סאָיוז רוסקאַווא נאַראָדאַ". זיי האָבן זיך אַלעמאָל שטאַרק איבערגענומען מיט זייער טריישאַפט צום טראָן און האָבן דערביי געשפּעקולירט מיט זייער פּאַטריאָטיזם. פּאַטריאָטיזם און אַנטיסעמיטיזם זענען אַלעמאָל געווען פאַרן צאַר אויסגעצייכנטע אַרטיקלען, פון וועלכע מען האָט געקענט מאַכן אַ פיין לעבן.

איצט האָט זיך אַזוי ווי אויסגענומען דידאָזיקע פּרנסה. אַנדראָ האָט צונויפגערופן אַ זיצונג, אויף וועלכער ער האָט הייזעריק און שטיל געלייענט דעם באַרימטן מאַניפעסט, ווי אַ קורצזיכטיקער בעל-קורא לייענט די תוכחה, אַז דער קיסר זאָגט זיך אָפּ פון טראָן. נאָכדעם האָט ער געלייענט אַ צווייטן מאַניפעסט, אַז אויך מיכאיל זאָגט זיך אָפּ פון כסא-המלכות. עס איז געווען שטיל. דער עולם האָט זיך צוגעהערט. די „סאָיוז-ניקעס" האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. דער קופּיעץ זשוראַווליאָוו האָט פּלוצלונג אויסגעשריען אויפן גאַנצן זאַל:

„עטאָ ווראַניאָ, ניע מאָזשעט ביט!"

אין זשוראַווליאָווס האַרטן שאַרבן האָט זיך באמת נישט געקענט באַזעצן דער געדאַנק, אַז דער קיסר, דער צאַר, דער מלך פון רוסלאַנד, וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע געוואַלדיקע אַרמעען, תפיסות, קאַטאָרגעס און סיביר, זאָל זיך אָפּזאָגן פון טראָן, דערשרעקנדיק זיך פאַר די בונטן אין פּעטראָגראַד...

זיין געשריי איז אָבער פאַרגליווערט געוואָרן אין זאַל,

ווי אַ טעמפּער קלאַפּ אָן אַן עכאָ. די „סאָיוזניקעס" האָבן זיך געשעמט אויפצוהייבן די אויגן. אין ניקאָלאַיס סוף האָבן זיי געשפּירט זייער סוף. איין זאַך איז איצט געווען קלאָר, אַז די שוואַרצע מאַכט זייערע איז אונטערגעגאַנגען, געשטאָרבן.

די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען האָבן פאַרכאַפּט כמעט גאַנץ טיילן פון דער באַפעלקערונג. דערווייל האָבן זיך די־דאָזיקע שטימונגען אויסגעגאָסן אין פּאַראַדן, אין שמחות, אין אַלערליי נײַ־אויסגעוואַקסענע אָרגאַניזאַציעס. מען האָט זיך געהאַלטן אין איין אָרגאַניזירן. ווער עס האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרצן, האָט זיך באַהעפט צו עפּעס אַן אָרגאַניזאַציע. „אָראַ־טאָרן", „שיינרעדנער", „פאָלקס־טריבונען" זענען אויסגעוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן...

עס האָט געקאָכט, געשטורעמט, געזאַווערוכעט אין ראָוונע!

מיטאַמאָל איז געפאַלן די אימה, דער שרעק פאַר דער פּאָליציי, פאַר די תּפיסות, פאַר די זשאַנדאַרמען, פאַרן מיליטער. האָט דאָך ניט אומזיסט געשריען אַ יונגער אָראַטאָר פון דער טריבונע אַראָפּ

„אַלע מענטשן זענען ברידער, נישטאָ מער קיין פיינקער און קיין געפייניקטע!"

אין אַכט טעג אַרום, נאָכדעם, ווי אַנדראָ האָט געלייענט דעם מאַניפעסט אין דער שטאָט־דומע, איז מיט גרויס פּאָמפּע איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מאַניפעסטאַציע לכבוד דער רעוואָלוציע. אָך, דאָס וואָרט „רעוואָלוציע" האָט דעמאָלט אָן רחמנות אַרויסגעשטויסן און אַרויסגעשטופּט אַלע בידנע ווערטער פון אומגאַנג.

מיט דעם וואָרט „רעוואָלוציע" איז מען אויפגעשטאַנען, געטרונקען טיי, געפרישטיקט, גערעדט פון געשעפט, געמיטאָגט, זיך באַגעגנט מיט באַקאַנטע און פריינט. מיט דעם וואָרט

„רעוואָלוציע" האָט מען נאָכדעם געגעסן וועטשערע און זיך געלייגט אין בעט אַריין...

און מחמת די מאַניפעסטאַציע איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד דער רעוואָלוציע, האָט זי בוכשטעבלעך פאַרכאַפּט די גאַנצע שטאָט.

דער „בונד" האָט מאָביליזירט אַלץ, וואָס ער האָט נאָר פאַרמאָגט, און האָט זיך געלאָזט אין גאַס אַריין. פּועלי-ציון האָבן אויך נישט געשלאָפן און האָבן מיט גרויס פאַרצד אַרויס-געמאַרשירט אינדרויסן. גאָט אין הימל, וויפל אָרגאַניזאַציעס, פאַרטייען, מיט די פענער, מיט די פירער, מיט די רעדנער, מיט די אָרדנער!

גרויס און קליין, גאַנץ ראָוונע, האָט געמאַרשירט אונטער די פלאַטערנדיקע פענער, מיט די הויכשרייענדיקע אויגנרייסנ-דיקע טראַנספּאַרענטן. עס האָבן אַפילו נישט געפעלט די בתי-מדרשים מיט די רבנים! דער גרויסער ציווילער המון איז געווען דורכגעפלאָכטן מיטן מאַרשירנדיקן רעוואָלוציאָנערן מי-ליטער. אזא מין בילד האָט מען אפילו אין חלום נישט גע-קענט זען.

ס'איז בכלל אַלץ געווען אַ חלום. מער ווי אַ חלום: אַ פאַנטאַזיע, וואָס דער קאַלטער שכל האָט זיך נישט געקענט צוגעוווינען צו אים. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז רבנים האָבן מאַרשירט צוזאַמען מיט... קאָזאַקן. רב און קאָזאַק, צוויי באַ-גריפן וואָס בינדן זיך נישט צוזאַמען, האָבן זיך איצט צונויפ-געגאָסן. איינער פון זיי האָט געהאַט אַ בלאַס באַבערדלט בנים מיט לאַנגע פאות און איז געגאַנגען עטוואָס אָנגעבויגן צו דער ערד, און דעם צווייטן האָט געשפריצט דאָס הייסע בלוט פון בנים און ער האָט געקוקט צרום זיך מיט האַלב ווילדע אויגן.

רב און קאָזאַק.

איך בין מיך מודה, אַז אויף מיר אַליין האָט דער אָנ־טייל פון די קאָזאַקן אין דער מאַניפעסטאַציע געמאַכט אַ גע־וואַלדיקן איינדרוק. איך האָב געהאַט די זכיה צו זען, ווי זיי האָבן אַ־רויסגעמאַרשירט פון העלערס קאַזאַרמעס מיט די לאַנגע פיקעס אין די הענט, און אויף די פיקעס האָבן געציטערט קליינע רויטע פענדלעך. מאַנכע פענדלעך האָט איבערגעשניטן אַ שרייענדיקע אויפשריפט:

„עס זאָל לעבן די דעמאָקראַטישע רעפובליק!"

„משיחס צייטן!" האָבן עלטערע יידן געשעפטשעט אַרום מיר. „איר זעט נאָר וואָס דאָ טוט זיך! איך קוק און איך גלויב נישט, אַז איך זע דאָס..."

„אַי, יידן, יידן", האָט עמעץ פון דער זייט זיך אָנגע־רופן, „עס איז דאָך פריילעך און לעבעדיק און גוט, און פונ־דעסטוועגן ציטערט מיר עפּעס דאָס האַרץ... בין איך דאָס טאַקע צזאַ פחדן, איך פרעג אייך?"

„פאַרוואָס ציטערט אייך דאָס האַרץ?" האָט מיין שכן אים אַ פרעג געטאָן.

יענער האָט געענטפערט:

„איר פאַרשטייט, פּאָנקע איז נישט קיין זיכערער שותף..." פּאָנקע בלייבט פּאָנקע... „מיט אַ קאָזאַק, יידעלעך, איז נישט אַזוי, געשמאַק זיך צו בינדן.., ער גייט מיט אייך, ער שרייט, ער זינגט, ער טראָגט רויטע פענער, אָבער..."

„וואָס אָבער?"

„אָבער ווער ווייס, וואָס ער טראַכט אייך דאָרט מיט זיין קאָזאַקישן קאָפּ!.. איר קוקט נאָר אָן די פּנימער, די אויגלעך, די חוצפּהדיקע הערלעך ביים אויער? אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן!"

„אַי, וואָס רעדט איר, וואָס פּלוידערט איר!" האָט זיך

אָנגערופן אַ התפעלותדיקער יידל מיט אַ שיטער בערדל. „ס'איז דאָך משיחס צייטן? אַ לייב לעבט בשלום מיט א שעפּס... דער לייב וועט שוין מער נישט פארצוקן קיין לעבעדיקע בּרואים, נאָר היי און שטרוי וועט ער פרעסן און וועט זיך אינגאַנצן אָפּגעוויינען פון בלוט... משיחס צייטן, יידן, משיחס צייטן!..״

די רייד פון איינצלנע מענטשן זענען פארשריען געוואָרן פון רעוואָלוציאָנערע אויסרופן און געשרייען, פון דער מעכטי־קער פוס־טופּעריי, פון דעם געוואַלדיקן מאַרש.

„עס זאָל לעבן די רעוואָלוציע!״

„הוררררא!!!״

„הייליק זענען די געפאַלענע קעמפער!

„הוררררא!!!״

„אַ טויט די זשאַנדארמען און שפּיאָנעס!״

„הוררררא!!!״

דאָס „הורא״ צעשפּרייט זיך ווי אַ געדיכטער דונער אי־בער גאַנץ ראָוונע.

די רבנים און עלטערע פרומע יידן הערן זיך צו צו די אויסטערלישע קולות און עס ציטערט זיי די הויט אויפן פּנים, ווי די פּאותן ביי שלייפן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן באַטיי־ליקן זיי זיך אין אַזאַ געמישטן ריזיקן המון, וואָס איז נאָך באַשמאָלצן מיט קאָזאַקישע פּנימער...

די מאַניפעסטאַציע איז אָבער אריבער בשלום. קיין שום בייז האָט נישט פּאַסירט, און יעדער איינער איז זיך אריינ־געפאַלן אין שטוב אַ התפּעלותדיקער, אַ צופרידענער.

אין דער התפעלות האָט זיך אָבער אַריינגעשניטן די זאָרג וועגן מאָגן. די שפּייזפּראָדוקטן זענען נישט געווען אַזוי לייכט צו באַקומען. ווען מען האָט געוואָלט איינהאַנדלען אַ

זעקל מעל, צי עפעס אנדערש, האָט מען געדארפט האָבן א דערלויבעניש דערויף.

וואָלין איז אין פלוג געווען איבערפאַקט מיט פּראָדוקטן. אלע צוקער-פאַבריקן האָבן געאַרבעט. עס איז געווען גענוג קאָרן. אָבער די דערלויבעניש, וואָס מען האָט געמוזט האָבן ביים איינקויפן א גרעסערן קוואַנטום שפּייזפּראָדוקטן, האָט אי-בערגעשראָקן דעם עולם. מען האָט גענומען מאַכן זאַפּאַסן פון פּראָדוקטן, און דאָס האָט, נאַטירלעך, אויפגעהייבן דעם יקרות.

די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט אפשר געמיינט זייער גוט מיט איר אויפטו. זי האָט געוואָלט רעגולירן דעם פאַר-קויף און די פאַרטיילונג פון די שפּייזפּראָדוקטן. זי האָט אָבער פאַרגעסן, אז מענטשן זענען עגאָיסטן. דער, וואָס האָט געהאַט געלט, האָט זיך אָנגעפאַקט מיט פּראָדוקטן, און דערפון האָט נאָר געוואוקסן דער יקרות...

מען מוז מודה זיין, אַז דער דיסציפּלינירטער דייטש איז זיך ערלעך באַגאַנגען מיט די שפּייזקאַרטן, וואָס זענען איינגעפירט געוואָרן אין דייטשלאַנד. ער האָט נישט שפּעקולירט. דער חוש פאַר געזעלשאַפטלעכקייט האָט נישט דערלאָזט צו מאַכן זיך זאַפּאַסן און אַזויאַרום צו פאַרשטאַרקן די נויט אין לאַנד.

אויף דעם זענען מיר געווען בריות, און מיר מעגן זיך אויך אריינזאָגן דערפאַר א היפּשע פּאָרציע מוסר...

אן אמת מעג מען זאָגן נישט נאָר אויף דעם איינגענעם טאַטן, נאָר אויך אויף זיך אַליין.



# קאפיטל XX

דער מאניפעסט וועגן דער אפשאפונג פון די צארישע באגרענעצונגען. — יידן זענען באפרייט געווארן פון א צווייטן מצרים. — די האפענונגען פון דער יידישער יוגנט. — די שאטנס פון מארגן. — די וואלן צו דער שטאט־דומע. — די ציוניסטן און דער בונד. — א נוסח פון א דרשה אין א שול. — נישט אלעמאל פארטיידיקט מען עפנטלעך די אינטערעסן פון דער ארעמער באפעלקערונג. — דער פראדוקטן־דיקטאטאר ג. — שבתים און חגים. — דער קליינער היימישער בונט. — א מולטער מיט ווייסן טייג, וואס ווערט געטראגן איבער די גאסן, ווי א מיטה, להבדיל. — ערלעכע און מוטיקע בונדיסטן. — זאונדערבארע טעג. — קערענסקיס ניין מאס רייד. — דער סוף פון א ניין־מאס־רעדער. — יידן אינטערעסירן זיך מיט ניקאלאיס לאגע. — שמועסן וועגן געהיימענעם צאר פון רוסלאנד. — מען פילט נישט קיין נקמה. — וואס טוען מאן און ווייב, ווען דאס געשעפט גייט שלעכט.

פונקט ערב פסח האבן מיר געלייענט דעם מאניפעסט פון דער פראוויזארישער רעגירונג, אז עס ווערן אפגעשאפט די צארישע באגרענעצונגען און א טייל פארעלטערטע געזעצן. אין דעמדאזיקן מאניפעסט איז אויך דערמאנט געווארן, אז עס ווערט אפגעשאפט דער תחום־המושב. יידן זענען אריינגעפאלן אין גרויס התלהבות און האבן כסדר באטאנט:

„מיר זענען באַפרייט געוואָרן פון אַ צווייטן מצרים"

דאָס איז געווען אַ גרויס געשעעניש. איך מיין, אַז דאָס־מאָל איז עס געווען דער פרייליכסטער און דער ליכטיקסטער פסח ביי יידן, זינט זיי האָבן זיך באַזעצט אויף די נחלאות, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן פון רוסלאַנד.

דער געדאַנק, אַז ס'זענען אָפגעשאַפט די אַלע פּלויטן און צוימען, אַז ס'זענען מער נישט אָנגעוויזן געוואָרן פאַר דעם יידן קיין באַשטימטע שטיקלעך ערד, ווי פאַר קנעכט: דאָ מעגסטו שטעלן דעם פוס און דאָרט נישט, דאָ מעגסטו אָטעמען און דאָרט נישט — דערדאָזיקער געדאַנק האָט שטאַרק אויפגעמונטערט די יידישע יוגנט. עס האָט זיך געעפנט אַ וועג צו פאַרלאָזן די ענגע אָרעמע היים. עס האָט זיך געעפנט אַ וועג צו לערנען אָן פּראָצענטן. קיינער קען נישט די שאָטנס פון מאָרגן — און דער היינט איז געווען אַזאַ ליכטיקער!

יעדער יידישער בחור, יעדעס רירעוודיקע יידישע מיידל האָט געחלומט פון נסיעות, פון בילדונג, פון אַרבעט און זיי האָבן זיך געפילט אַזוי, ווי זיי וואָלט אויסגעוואַקסן פליגלען אויפן רוקן...

קיינער קען אָבער נישט די שאָטנס פון מאָגן...

צו יענער צייט האָט מען אויך געדאַרפט קלויבן אַ נייע שטאָט־דומע. אין ראָוונע האָט זיך ווידער געקאָכט. דידאָזיקע וואַלן האָבן ממש אויפגעהייבן יעדן פּוילער אויף די פיס. אי־בערהויפּט האָט פאַרכאַפּט די פרייהייט. מען האָט געקענט רעדן, וואָס מען האָט געוואָלט און קלויבן וועמען מען האָט געוואָלט. קיינער האָט דיך נישט קאָנטראָלירט.

באַזונדערס אינטענסיוו האָבן געאַרבעט די ציוניסטן און דער „בונד". די שולן און בתי־מדרשים זענען פאַרוואַנדלט גע־

וואָרן אין מיטינג-זאַלן. מען האָט געהאַלטן אין איין רעדן, אין איין אַגיטירן.

אין מיין שול, געדענק איך, האָט זיך אויפגעהייבן אויף דער בימה אַ מוליער. ער האָט גענומען מאַכן מיט די הענט און האָט געעפנט אַ מויל:

„קלויבט נישט קיין גבירים!" האָט ער געשריען. „קלויבט אייערע אייגענע מענטשן, אייער גלייכן... די גבירים ווייסן נישט און פילן נישט, ווי איר לעבט. איר זענט זיי פרעמד. די מענטשן אָבער פון אייער גלייכן ווייסן ווי איר לעבט. זיי קענען אייער מיטאָג, אייער וועטשערע... זיי וואַקסן מיט אייך צוזאַמען אין איין אָרעמקייט, אין איין נויט..."

מען האָט זיך שטאַרק צוגעהערט צו אַזעלכע ווערטער, און דער אָרעמאַן האָט טאַקע געקליבן זיין גלייכן.

נאַטירלעך, נישט אַלעמאָל האָבן די מענטשן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט און באַשיצט די אָרעמע באַפעלקערונג, געהאַנדלט ערלעך, אָן פערזענלעכע פניות. אין יענע טעג איז אַרויסגע-שוואומען אויף דער אויבערפלאַך איינער ג. דאָס איז געווען אַ געוויינלעך מענטשל מיט געוויינלעכע פעאיקייטן. ער האָט אָבער געהאַט אַ „מויל אויף שרויפן" און האָט געקענט נעמען דעם עולם. ער האָט געהאַט אַ כוח צו פאַרשרייען אַלע זיינע קעגנער און האָט צוגעזאָגט די-יצניקע, וואָס זענען געגאַנגען מיט אים, הרים-וגבעות.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין מאַגיסטראַט און האָט געהאַט אַ יד אין דער פּראָוויאַנטירונגס-פאַרוואַלטונג. אין אַ גאַנץ קורצער צייט איז ער אין ראַיינע געוואָרן דער דיקטאַטאָר איבער די שפּייזפּראָדוקטן.

ער האָט רעקווירירט שפּייזפּראָדוקטן, געבאַלעבאַטעוועט

אויף רעכטס און אויף לינקס ביז עס איז געקומען דערצו, אַז אין שטאָט איז שוין נישט געווען אַ לעק ווייס מעל אויף שבת... און דאָס איז דאָך באַוואוסט, אַז ווען אַ ייד, מעג ער זיין דער אָרעמסטער, מוז אויסקומען דעם שבת אָן אַ חלה, איז אים נישט זייער היימלעך אויף דער נשמה. ער קען מרוצה זיין אויף אַ שבת אָן פיש, אָן פלייש, אַפילו אָן אַ קוגל, אָבער אַ חלה מוז זיין. די חלה איז דער פונדאַמענט פון שבת.

האָט מען גענומען מורמלען אין שטאָט אויף ג. מען האָט געזאָגט:

„ער איז דער גאַנצער מאַכער ביי די שפּייזפּראָדוקטן, און מיר האָבן נישט אַפילו אַ חלה אויף שבת...״

„ער שטייט דאָך כלומרשט שטאָל און אייזן פאַר די אָרעמע״.

„יאָ, פאַר די אָרעמע מיט דער צונג און פאַר זיך מיט די הענט״, האָט עמעצער צוגעוואונקען מיט אַן אויגל.

„ער מוז יאָ האָבן חלה אויף שבת״.

„הלוואי וואָלטן מיר אַזוי געהאַט, ווי ער האָט״, האָט דער עולם צוגעשריען.

דער כעס אויף דעמדאָזיקן מענטשן האָט זיך כסדר געזאַמלט, די פאַרביטערונג האָט געשטיגן, ביז איינמאָל האָט עמעץ פון די קלוגע ראָוונער יידן האַרב אַ זאָג געטאָן:

„יידן, לאָמיר גיין געוואָר ווערן, צי דער תכשיט ג. האָט טאַקע אויך נישט קיין מעל אויף שבת, אַזוי ווי מיר!״

„זעסטו, דאָס איז אַ פּלאַן!״ האָט מען צוגעשטימט.

„לאָמיר גיין!״

„לאָמיר גיין!״

אַן אויפגערעגטער עולם איז אַוועק צו ג. אַהיים. עס

זענען דאָך געווען פרייע צייטן און מען האָט זיך נישט גע־שראָקן פאַר קליינע היימישע בונטן. געקומען צו ג. אַהיים און געמאַכט אַן אויבנאויפיקע רעוויזיע, האָט מען טאַקע געפונען אַ מולטער מיט פאַרקנאָטענעם ווייסן טייג אויף חלה און עט־לעכע זעק מעל...

עס האָט זיך אויפגעהייבן אַ מוראדיקער טומל. יידן האָבן זיך ברייט און פריי צעשריען אויף די העלזער.

„אָט דאָס איז ער, דער מאַכער אונזערער, דער פאַר־זאָרגער אונזערער, דער פּראָדוקטן־אָפּהיטער, דער דעמאָקראַט, דער ערלעכער מאַן, דער שיינער מענטש!"

„זעט נאָר, וואָס פאַר אַ זעק מעל, וואָס פאַר אַ מולטער מיט טייג!"

געענדיקט האָט זיך דער בונט דערמיט, וואָס מען האָט אַ כאַפּ געטאָן די זעק מעל און מען האָט זיי פאַרטיילט צווישן זיך און די מולטער מיטן טייג האָט מען אַרויסגעטראָגן פון שטוב און מען איז אַוועק דערמיט איבער אַלע גאַסן, ווי מיט אַ בר־מנן, רחמנא־לצלן, און דער עולם איז נאָכגעלאָפן, ווי אויף אַ לוויה. דערביי האָט מען געשריען:

„זעט, ווי ג. ליידט, נעבעך, און האָט נישט קיין חלה אויף שבת!.."

ג. איז געווען אַ גרויסער כוח אין שטאָט, אָבער אַן אויפגערעגטער המון איז אַלעמאָל אַ גרעסערער כוח. אין דעם טאָג האָט ער פאַרלאָרן זיין מעל און זיין טייג און זיין נאָ־מען... ער האָט געמוזט פאַרלאָזן דעם מאַגיסטראַט.

ג. איז פונדעסטוועגן אַן אויסנאַם און איך נעם אים, ווי צו אויסנאַם. די פאָרשטייער פון דער אָרעמער באַפעלקערונג האָבן זיך על־פי־רוב אויסגעצייכנט מיט ערלעכקייט און אָנ־שטענדיקייט.

איך בין ווייט נישט קיין בונדיסט, פונדעסטוועגן וועל איך מודה זיין, אז די פאָרשטייער פון „בונד", די ה"ה ז. ג. און ד. האָבן פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון אַרבעטער-קלאַס, ווי בכלל פון דער אָרעמער באַפעלקערונג, אָן שום פּערזענלעכע פּניות, ערלעך, טריי, מוטיק, פיין.

* *

דאָס זענען געווען וואונדערבאַרע טעג. טעג פון האָפע-נונגען און פון לייכטער שרעק. פון איין זייט — מלחמה, מי-ליטער, פראָנט, בלוט און פאַרוואונדעטע, און פון דער צווייטער זייט — אַ קיסר, וואָס איז אַראָפּ פון בענקל און וואָס זיצט, ווי אַן אַרעסטאַנט, אין זיינע גרויסע פּאַלאַצן.

די צייטונגען האָבן זיך פריי צעשריבן, און קערענסקי, דער פּאָפּולערסטער מענטש דעמאָלט, האָט געהאַט ניין מאָס רייד, „ווי אַ יידענע".

ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן. דער קלוגער מענטש האָט באַלד געקענט אָנצייכענען קערענסקיס סוף. עס איז אַ כלל: דער, וואָס רעדט אַ סך, טויג צו גאָרנישט. אין כאַאָס איז ער אַפילו דער איינציקער, וואָס געווינט די סימפּאַטיעס פון די מאַסן. עס קומט אָבער באַלד דער מענטש נישט פון וואָרט, נאָר פון טאַט, און דער ניין-מאָס-רעדער פאַלט אַוועק און ווערט פאַרגעסן לעולם ועד.

יידן האָבן זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט ניקאָלאַיס לאַגע, עס איז זיי געווען העכסט חידושלעך, ווי אַזוי אַ מושל,

פאַר וועלכן עס האָט געציטערט אַ זעקסטער טייל פון דער ערד, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אַרעסטאַנט פון זיין אייגענעם פּאַלאַץ. דאָס האָט געשמעקט מער מיט פאַנטאַזיע, מיט בוך, מיט לעגענדע, ווי מיט ווירקלעכקייט.

אין שול, אין בית-מדרש האָבן יידן עפּטער נאָכן דאַווענען געשמועסט פון ניקאָלאַיען. איך וועל נישט זאָגן, אַז אין זייערע שמועסן האָט זיך געפילט אַ שטאַרקער טאָן פון נקמה. אַ ייד קען זייער שנעל מוחל זיין, בפרט נאָך, אַז ניקאָלאַי איז שוין געווען, ווי דאָס פאָלק דריקט זיך אויס — „אַן אָפּגעדאַווּנטער..." וואָס פאַר אַ ווערט האָט ער איצט? אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא.

די יידן האָט סתם פאַרכאַפּט, אַזוי צו זאָגן, די ניקאָלאַיפאַבולע, די פאַנטאַזיע, די לעגענדע, וואָס האָט זיך אַריינגעזעצט אין דער ווירקלעכקייט און האָט מיט אונז מיטגעלעבט פון טאָג אויף טאָג.

„וואָס, אַ שטייגער, טוט איצט ניקאָלאַיקע?" רופט זיך אָן עמעץ אין אַ רעדל יידן.

„און איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס רעדט ער מיטן ווייבל, ווען זיי בלייבן אַליין אונטער פיר אויגן?" רופט זיך אָן אַ צווייטער.

„זיי שווייגן", זאָגט אַ דריטער.

„וואָס הייסט, זיי שווייגן?"

„וואָס פאַרשטייסטו נישט? זיי שווייגן, ווייל דאָס האַרץ איז פאַרביטערט..."

„עט", מישט זיך אַריין אַ פערטער, „זיי שווייגן נישט. זיי מוזן מאַכן אַ חשבון-הנפש און פאַרוואַרפן איינאַנדער די טעותן, וואָס מען איז באַגאַנגען. זיי טוען געוויס, ווי איך

מיט מיין פלונית: ווען די פרנסה הייבט אונז אָן צו הינקען, זאָג איך צו מיין ווייב: „ווען דו וואָלסט דאָס און דאָס נישט געטאָן, וואָלטן מיר איצט נישט אַזוי שלעכט געהאַלטן". ווערט זי בייז און וואַרפט מיר צוריק אין פנים: „ווען דו וואָלסט אָבער דאָס און דאָס נישט געטאָן און וואָלסט מיר געפאָלגט, וואָלטן מיר איצט נישט געדאַרפט אָנקומען צו אַ הלוואה..." אַזוי שמועסן מיר זיך דורך און אַזוי שמועסן זיי אויך דאָרט אין פּאַלאַץ..."

די יידן שאָקלען צו מיט די קעפּ:

„ער איז גערעכט: דאָס פּאָרל מוז זיך מאַכן אַ שווערן חשבון-הנפש..."



# קאַפּיטל XXI

דער סוף פון אַ יום־טוב אין רוסלאַנד. — זעלנער, וואָס זוכן עמעצן אָנצוברעכן די ביינער. — די צעפאַלונג פון פראָנט. — מען כאַפּט אַ ציסער פאַר די זעלנער. — מיר זאַמלען געלט פאַר דער שמירה פון דער שטאָט. — מען איז קעגן לאַפּיאַחקע. — די מיינונג פון אַ ייִדישן פאַבריקאַנט וועגן לאַפּיאַחקע. — משיחס צייטן און כאַבאַר. — די וואַלן צו דער שטאָט־דומע. — די אַלטע „גלאַסנע“ און די נייע. — דר. גאָלדענשטיין. — אַ שטאָט־פּרעזידענט, וואָס איז באַליבט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג אָן אונטערשייד. — דער וויצע־פּרעזידענט, וואָס שיצט די שטאָט פאַר צעיושעטע זעלנער. — וואָס ייִדן שמועסן צווישן זיך.

אייביק קען נישט זיין קיין יום־טוב אַפילו פון פרייהייט. וואָס געשיט אין רוסלאַנד, ווען דער יום־טוב גייט אַוועק, די כּאַראַדן הערן אויף, די שיינע דרשות נעמען זיך אויס, דער שמייכל אויף די ליפּן ווערט אַנטרונען? מען ריכט זיך אויף פּאָגראָמען, אויף אומרוען, אויף בונטן...

דער פרייהייטס־יום־טוב אין ראָוונע האָט זיך אויסגעוועפּט און די פרייע צופרידענע „זעלנער־חברים“ האָבן גענומען ווערן אומרואיק. זיי האָבן גענומען זוכן וועמען אָנצו־

ברעכן די ביינער און ביי וועמען צו „רעקוויזירן" דאָס ביי-טעלע. זיי האָבן געוואָלט אהיים.

„שוין גענוג געשטאַנען אויפן פראָנט", האָבן זיי געשריען, „און גענוג זיך געשלאָגן! עס דאַרף דאָך אַמאָל נעמען אַ סוף! איצט זאָלן זיך שלאָגן די גענעראַלן, אויב זיי איז דאָס ניחא. מיר ווילן גיין אהיים".

האָט מען אַפּעלירט צו זייערע פּאַטריאָטישע געפילן און מען האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מען קען נישט אי-בערלאָזן די פאַרבינדעטע אין רעכטן מיטן פייער פון קריג, אַז דאָס איז נישט ריטערלעך, נישט שיין. אַן אָפּמאַך איז אַן אָפּמאַך.

דערהערט דידאָזיקע ווערטער, האָט פאַנקע אויסגעשטעלט די קורצע נאָז מיט די ברייטע נאָזלעכער און אַ פּאָר גרויע גלעזערנע אויגן.

„ווער זענען די פאַרבינדעטע און וואָס האָב איך מיט זיי פאַר אַ געשעפטן?" האָט ער טעמפּ און בייז געפרעגט. „איך וויל אהיים צו טאַטע-מאַמע, צום ווייב און קינד, צו דער פעלד-אַרבעט. גענוג געזעסן אין די אָקאָפּעס".

אין שטאָט האָבן זיך כסדר אַרומגעדרייט דעמאָראַליזירטע זעלנער, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלאָרן דעם חוש פאַר דיס-ציפּלין. דידאָזיקע חברה-לייט האָט מען באַלד דערקענט פון זייער גאַנג, פון די ספּעציפישע רוסישע ווערטלעך, וועלכע זיי פלעגן עפּעס לאָזן פאַלן פון דער צונג. זיי זענען געוועזן געפערלעך פאַר דער פרידלעכער באַפעלקערונג. בייזע און פאַרכמורעטע, האָבן פאַרטשעפּעט די מענטשן אין גאַס און האָבן אַלץ געזוכט אַ געלעגנהייט „אָנצוהייבן" עפּעס אַ רעכט שטיקל אַרבעט...

מיר האָבן איינגעזען, אַז ס'איז גאַנץ שלעכט מיט זיי און אַז מען מוז אויסגעפינען עפּעס אַ מיטל צו זיי. נישט

היינט, איז מאָרגן — אָבער עס וועט דאָך קומען אַ טאָג, ווען זיי וועלן מאַכן אַ תל פון ראָוונע. ווי אַזוי אָבער העלפט מען זיך?

צוועטאַיעוו, דער דירעקטאָר פון אונזער קאָמערצשולע, וועלכער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין די רעוואָלוציאָנערע טעג אין ראָוונע, איז געווען דער פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע. זייער אַ חשובער מענטש אין שטאָט, האָב איך מיך צוזאַמענגעקומען מיט אים צוזאַמען מיט אַ ערשטן גערעדט צום ראַט פון די זעלנער-דעפּוטאַטן, אַז מען זאָל באַרואיקן די דראָענדיקע זעלנער און נישט דערלאָזן צו אומרוען.

„מען איז שוין באַלד נישט זיכער מיטן לעבן אין שטאָט", האָבן מיר געטענהט. „דער בירגער האָט שוין מורא צו ווייזן די נאָז אין גאַס ווי אין די גוטע צייטן פאַרן צאַר. איר מוזט באַרואיקן די זעלנער".

די מיטגלידער פון ראַט האָבן אונז געענטפערט:

„איר זענט גערעכט. מיר האָבן אָבער נישט די נויטיקע געלטער אויף צו היטן די שטאָט. מיר האָבן קיין שום פאָנד נישט דערויף".

איך האָב מיך אַוועקגעלאָזט מיט צוועטאַיעוון איבער ראָוונע און מיר האָבן אויפגעזאַמלט אַ סומע פון 3400 רובל, וועלכע מיר האָבן איבערגעגעבן דעם ראַט. מען קען נישט זאָגן, אַז ס'איז אונז לייכט אָנגעקומען אַרויסצורייסן פון דער שטאָט די ידאָזיקע מטבע. דער עולם האָט זיך געפּוילט צו געבן. אַנדערע האָבן געטענהט:

„דאָס זעט דאָך אויס ווי לאַפּוואָוקע... מען גייט שוין ווידער פאַרשמירן מיט געלט עפּעס אַ צרה. מיר לעבן דאָך נישט פאַר ניקאָלאַיען. ס'זענען דאָך עפּעס אַנדערע צייטן. פאַרוואָס זאָלן מיר דאָס גאַנצע לעבן פאַרשמירן צרות און געבן לאַפּוואָוקע? זיי זענען מחויב צו היטן די שטאָט און האַלטן די

אָרדענונג. און מיר דאַרפֿן נישט געבן קיין ספּעציעלע סומען אויף דעם".

איינער, אַ רייכער ראָוונער פֿאַבריקאַנט, האָט זיך איינגעשפּאַרט און האָט אונז טאַקע גאָרנישט געגעבן. ער איז געווען זייער שטאָלץ מיטן נייעם רעזשים, מיט קערענסקין, און האָט מיר האַרב געזאָגט:

"בזמן הזה וועל איך קיין איין גראָשן נישט געבן אויף אַזעלכע זאַכן. מען טאָר גאָר קיין סימן נישט ווייזן פֿון לאַפּוּאוּוקע! אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן. וועט איר נאָר איינמאָל געבן לאַפּוּאוּוקע, וועט איר שוין מער נישט אַרויסקריכן פֿון דעם. איר וועט איינפֿירן צוריק די אַלטע גוטע מנהגים און מיר וועלן ווידער דאַרפֿן קויפֿן יעדן טאָג אַ ביסעלע לעבן פֿאַר אַ באַשטימטער סומע... ניין, איך גיי נישט איין דערויף".

דערדאָזיקער פֿאַבריקאַנט האָט, קענטיק, שטאַרק געגלויבט אין די נייע מנהגים. ער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, אַז לאַפּוּאוּוקע איז אַזאַ אַרטיקל, וואָס וועט זיך אפשר מער נישט ווייזן אין אומגאַנג, ווען משיח וועט קומען אויפֿן ווייסן פֿערד... ביז דעמאָלט, ס'הייסט ביז משיח וועט קומען, וועט לאַפּוּאוּוקע אַלץ אָנגיין ביי אַלע רעזשימען.

* * *

די וואַלן צו דער שטאָט-דומע האָבן געגעבן אַ יידישע מערהייט. פֿאַרן שטאָט-פּרעזידענט איז אויסגעוויילט געוואָרן דר. גאָלדענשטיין, פֿאַרן וויצע-פּרעזידענט — טראָיאַיצקי. דער לעצ-

טער איז אויך געווען דער וויצע-פּאָרזיצער פונם ראַט פון אַר-בעטער און סאָלדאַטן.

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט אַראָפּגעשווענקט די אַלטע „גלאַסנע“, די „סאָיוזניקעס“, וואָס האָבן געקוקט אויף אַ יידישן פּאָגראָם, ווי אויף אַ ישועה. אין דער שטאָט-דומע זע-נען אָבער אויך אַריין מאַנכע חשובע יידישע באַלעבאַטים, וואָס האָבן לגמרי נישט אָנגעהערט צו די לינקע פּאַרטייען.

מען מוז מודה זיין, אַז מיר זענען געווען צופרידן מיטן רעזולטאַט פון די וואַלן און האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף דער אַרבעט פון דער שטאָט-דומע.

ווער איז אייגנטלעך געווען דר. גאָלדענשטיין?

ער איז געקומען צו אונז אין וועלטקריג, אַלס מיליטע-רישער דאָקטאָר. אַ הויכער ברונעט פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, מיט אַ סימפּאַטישן פּנים, האָט ער אויף אַלעמען גע-מאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנ-טער אָראַטאָר, און זיינע אַ רעדע איז תמיד אויסגעהערט גע-וואָרן אין אַ געפּרעסטער שטילקייט, וואָס איז פאַר ראָוונע אַ גאַנץ זעלטענע דערשיינונג. ראָוונע, זאָל זי מיר מוחל זיין, האָט שוין אַזאַ טבע, אַז זי האָט דווקא ליב זיך איבערצושמועסן, בשעת יענער שטייט אויפן בימה, צי ערגעץ אַנדערש, מיט אַ רעדע...

דר. גאָלדענשטיינס איבערצייגונגען זענען געווען עקסט לינקע, אָבער אַלס שטאָט-פּרעזידענט האָט ער באַהאַנדלט די באַפעלקערונג לגמרי אומפּאַרטייאיש. ער האָט געטאָן דאָס בע-סטע, וואָס מען קען און מען דאַרף טאָן אין אַזאַ פאַל: ער האָט זיך צו אַלעמען גלייך און גערעכטיק באַצויגן. אַ באַוווּסטער מענטש, מעג ער זיין אַפילו אַ בורזשוי, האָט געפונען שוץ ביי דעם לינקן שטאָט-פּרעזידענט.

מיט אים זענען אַלע געווען צופרידן.

אין יאָר 1920, נאָכדעם, ווי די באָלשעוויקעס האָבן פאַר-לאָזט ראָוונע, האָט די נייע פוילישע מאַכט ארעסטירט דעם דר. גאָלדענשטיינען. זיין לאַגע איז געווען זייער אַן ערנסטע. זיין תפיסה האָט זיך געקענט ענדיקן מיט אַ זאַלפּ פון ביקסן אָדער מיט תליה...

פאַר אים האָט זיך אָבער איינגעשטעלט די גאַנצע שטאָט. אָט דאָס הייסט, ווען אַ מענטש איז שטאַרק באַליבט! אַ דע-לעגאַציע פון יידן און קריסטן צוזאַמען מיטן קסיאָנדז קוזמינ-סקין האָבן זיך משתדל געווען פאַר אים ביי דער מאַכט. דאָס שתדלנות האָט געווירקט. מען האָט דעם דר. גאָלדענשטיינען איבערגעשיקט אין אַ תפיסה אין קראָקע. דער טויט האָט שוין מער נישט געשוועבט איבער זיין קאָפּ. שפּעטער איז ער אויס-געטוישט געוואָרן אויף אַ חשובן פּאָליאַק, וואָס איז ארעסטירט געוואָרן ביי די באָלשעוויקעס, און דר. גאָלדענשטיין איז אַוועק קיין רוסלאַנד.

ווען איך דערמאָן אים איצט אויף די זייטלעך פון מיינע ערינערונגען, האָב איך בלויז גוטע ווערטער פאַר אים. איך קען מיך פשוט נישט דערמאָנען אין אַזאַ פאַל, ווען דר. גאָל-דענשטיין זאָל האָבן געהאַנדלט פּאַרטייאיש, ווען עמעץ זאָל, חלילה, באַעוולט ווערן פון זיין פירונג. דער מענטש האָט אי-בערגעלאָזט אין שטאָט דעם בעסטן נאָמען נאָך זיך.

מיר האָבן אויך גוט געטראָפן מיטן וויצע-פּרעזידענט. אוי-סערלעך איז ער געווען דער קעגנזאַץ פונם דר. גאָלדענשטיין. אַ קליינטשקער, אַ דיקלעכער, אַ פולינקער, האָט ער זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן מיט זיין פאַרשמייעטקייט. זיין גרעסטער פאַרדינסט איז געווען, וואָס ער האָט באַשיצט די שטאָט פאַר

די דעמאָראַליזירטע צעיושעטע זעלנער. און ווען נישט ער — ווער ווייס, וואָס מיט ראָוונע וואָלט געשען אין יענע טעג. ער איז, ווי מען דריקט זיך היינט אויס, „תמיד געשטאַנען אויף דער וואך״.

מיר האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז דאָס לעבן וועט זיך נאָרמאַליזירן, וועט אוועקגעשטעלט ווערן אויף זיכע־רע רעלסן. מיר האָבן געגלויבט אין דעם גוטן ווילן פון דער פראָוויזאָרישער רעגירונג.

„מיט איין מאָל קען דאָך אַלץ נישט געבויט ווערן!״ האָבן יידן געשמועסט צווישן זיך. „עס וועט איבערגיין אַ ביסל צייט — און דאָס לאַנד וועט זיך בארואיקן״.

טיפערע מענטשן האָבן אָבער נאָך דעמאָלט געשטעלט די קשיא:

„וואָס וועט מען טאָן מיט אַזאַ ים זעלנער? וואָס וועט עס זיין, ווען אָט די היישעריקן וועלן זיך דארפן אריינזעצן אין די צוגן און אָפּפאָרן פון די פראָנטן אַהיים? וואָסערע כוחות וועלן עס זיין אימשטאַנד אָפּצוהיטן די מנוחה אין לאַנד?״

„די בעסערע זעלנער וועלן אַכטונג געבן אויף די ערגע־רע, אויף די דעמאָראַליזירטע...״ האָט עמעץ משער געווען.

„אין אַזאַ קאָכיקן זעלנער־ים, וואו זעט מען אַרויס די בעסערע? די ערגערע פאַרגיסן די בעסערע...״ האָט זיך עמעץ אָנגערופן מיט זייער אַ פעסימיסטישן טאָן.

אַנדערע האָבן אָבער מוטיק איינגעווענדט:

„אַ רעגירונג קען אַלץ. יעדע רעגירונג איז בכוח איינ־צוהאַלטן די אָרדענונג אין לאַנד. אַנישט וואָלט זי נישט גע־ווען קיין רעגירונג. נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. מיר וועלן אַלץ איבערקומען. גאָט זאָל נאָר געבן כוח און געזונט און פרנסה״.

„וויבאַלד אַז איר זענט אַזוי זיכער ביי זיך און איר טענהט, אַז אַ רעגירונג קען אַלץ, אפשר וואָלט איר גאָר ווערן מיניסטאָרן?" האָט עמעץ געשפּאַסט. „קערענסקי איז דאָך אַ סאָציאַליסט און ער מאַכט דאָך נישט קיין אונטערשייד צווישן ייד און קריסט. אַגב, האָט איר דאָך טאַקע די אמתע רפואות און די ריכטיקע תרופות צו אַלץ..."

„הע! דו וויצל זיך נישט אַזוי", האָבן זיך די ערשטע באַליידיקט. „פון אַ יידישן קאָפּ איז נישטאָ וואָס צו לאַכן. הלוואי נעמען זיי אַריין אַ פּאָר יידלעך אין דער מלוכה, וואָלט שוין אַלץ געווען גוט".

„וואָס, אַ שטייגער, וואָלט איר געמאַכט?"

„מיר וואָלטן געמאַכט אַן אָרדענונג".

„ווי אַזוי?"

„מיט זעלנער טאַקע. מיט זעלנער און פּאָליציי און מיט גוטע ערלעכע באַאַמטע, וואָס נעמען נישט קיין לאַפּוואַוקעס..."

„און די מלחמה?"

די מוטיקע יידן האָבן זיך גענומען קראַצן אין די קעפּ אַריין. זיי האָבן שוין נישט געהאַט אַזעלכע גלאַטע ווערטער אויף דער צונג. זיי האָבן גענומען מורמלען:

„מיט דער מלחמה איז טאַקע ביטער. זי זיצט ווי אַ מכּה אין האַלז..."

„וואָסער מכּה?" האָט זיך עמעץ אַרויסגעכאַפּט. „מען נעמט און מען שטעלט זי אָפּ! זאָלן זיי זיך דאָרט שלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט".

„און וואָס וועט די וועלט זאָגן?"

„וואָסער וועלט? וואָסער קאָץ? ווער וועט אונז זאָגן? די

וועלט זעט דאָך אַליין, אַז מען קען מער נישט פירן די מלחמה, אַז דער זעלנער גייט אַרויס פון גדר און אַז דאָס גאַנצע לאַנד קען, חלילה, אונטערגיין. היינט וואָס דרייט איר דאָ אַ ספאָדעק מיט דער מלחמה?"

אַלע יידן האָבן כמעט איינגעשטימט מיט אים.



## קאַפּיטל XXII

א פראָנט אָן דיסציפּלין. — א קליינע באמערקונג. — מען פארברדערט זיך מיטן שונא. — פאָנקע מאכט לחיים אין די דייטשע אָקאָפּעס און בייסט צו מיט קאָלבאס. — אָנשטאָט קוילן קושן. — די פראָנט-מיטינגען. — א מיטינג-דרשה פון אן אָפיציר. — גישט דער דייטש איז דער שונא, נאָר דער בורזשוי. — דער אומגליקלעכער אָנגריף אויף טארנאָפּאָל. — מען איז זיך נוקם אין די אָפיצירן. — אָפיצירים בלוט גיסט זיך ווי וואסער. — בארוָן טויבע און זיין פיינלעכע נאכט. — אן אויסצוג פון גענעראל לוקאָמסקיס מעמוארן. — באַגראָם-קלאָנגען. — דער סוף פון פירשט סאנגושקאָ. — איך הער שוין ווידער מיין נאָמען אויף די ליפּן פון אויפגערעגטע זעלנער. — מיין „דיספּוט" מיט זעלנער. — מען האָט אונז געגעבן אַלע רעכט, אָבער עס פעלט אונז איין מין רעכט. — ווער עס ווירקט אויפן זעלנער. — דער געפערלעכער זעלנער-רינג. — א שטאָט אין שרעק.

דער גאַנצער פראָנט אַרום ראָוונע האָט פארלאָרן זיין מיליטערישע הערבקייט, זיין שטרענגע דיסציפּלין. דאָס מיליטער איז עפּעס ווי פון זיך אליין צעווייקט און צעפאַלן געוואָרן. די זעלנער זענען לגמרי ארויס פון מיליטערישן גדר. זיי האָבן נישט אָנערקענט איבער זיך קיין שום מיליטערישע מאכט.

איך מוז דאָ אַפּילו מאכן א קליינע באמערקונג, אז איך

בין נישט קיין גענעראַל און בין, חלילה, נישט אויסן צו קרי־טיקירן און טאַדלען דעם דעמאָלדיקן זעלנער. וואָס האָט גע־נומען אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם מלחמה־יאָך. איך שרייב נאָר דאָס, וואָס איך האָב געזען און ווי איך האָב געזען.

ווייבאַלד אַז עס האָט געפּלאַצט די פראָנט־דיסציפּלין, האָט זיך דער רוסישער זעלנער געגומען בּרידערן מיטן דייטשן זעלנער. דער ערשטער האָט עס געטאָן אומבאַוואוסטזיניק. דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ פּועל־יוצא פון דער צעפאַלונג פון פראָנט. דער דייטש האָט עס אָבער געמאַכט באַוואוסטזיניק, מיט אַ חשבון. ער האָט געוואָלט פאַרוואַנדלען זיין פּראָנט־שונא, וואָס איז נאָך געשטאַנען קעגן אים מיט האַרמאַטן און ביקסן, אין אַ פּראָנט־פריינט...

אַזוי ווי מען איז געשטאַנען נישט ווייט איינער קעגן אַנדערן, האָט זיך פאַנקע עפּטער אַדורכגעשפּאַצירט צום דייטש, צי צום עסטרייכער. ער איז אַרויסגעקראָכן פון די פייכטע ווערעמדיקע שוצגריבער און איז זיך אַוועק מיט אַ וויזיט צום שונא.

דער דייטש האָט אים אויפגענומען זייער גאַסטפריינטלעך, מיט כּיבוד און מיט גוטע ווערטער. אַזוי ווי ביי אונז זענען געווען פאַרבאָטן אַלקאָהאָלישע משקאות, האָט אים דער דייטש קודם־כּל מכבד געווען מיט בראָנפן אָדער מיט ביר. געמאַכט אַ שנעפּסל און צוגעביסן מיט אַ שטיקל קאָלבאַס אין דעם שונאס אָקאָפּעס, האָט זיך פאַנקע פּשוט מחיה געווען. עס איז אים מיטאַמאָל געוואָרן פרייִלעך אויף דער נשמה, וואָרעם אין די פאַרגליווערטע גלידער און ער איז צוגעפאַלן צום דייטש זיך קושן, ווי פאַנקע קען...

ער האָט זיך געקושט און געטרונקען.

ווען ער איז צוריקגעקומען אויפן פראָנט, איז ער שוין

מער נישט געווען קיין זעלנער. קיין שום רייד און קיין שום מוסר האָבן שוין דאָ נישט געהאָלפן. און קיין שטראָף אוודאי נישט. אין אַ צייט, ווען עס פאַלט די דיסציפּלין, לאָזט זיך דאָך בכלל נישט באַשטראָפן.

עפּטער האָט זיך דער פראָנט פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן מיטינג. די האַרמאַטן און ביקסן האָבן געשוויגן. געשאָסן האָבן נאָר די מיילער. אויף אַזאַ מין מיטינג פלעגן טיילמאָל אַרויס-טרעטן לינק-געשטימטע אָפיצירן, אָדער יונגע פּראַפּאָרשטשיקעס, וואָס האָבן ענערגיש אָנגעוויזן אויף דעם אומזין פון דער מלחמה.

„פאַר וועמען שלאָגן מיר זיך?" האָבן זיי געפרעגט. „פאַר וועמען פוילן מיר אין די אָקאָפּעס און פאַרגיסן אונזער בלוט? פאַר די בורזשויעס! פאַר זייערע אָפּגעפרעסענע בייכער, פאַר זייער וואַקסנדיקער עשירות, פאַר זייער וואוילטאָג, פאַר זייער מאַכט... וואָס האָט דער פויער פון דער מלחמה? וואָס גיט זי אים? וואָס טוט דאָ אויף דעמדראָזיקן פראָנט דער פּענזער, צי דער וויאַטקער פויער? ווי קומט ער אַהער? פאַרוואָס האָט ער פאַרלאָזט זיין פעלד, זיין היים, זיין ווייב און קינד! ווי בהמות האָט מען אייך געטריבן אַהער, ווי מען טרייבט זיי אין שעכט-הויז און מען הייסט אייך דאָ אויסציען די העלזער פאַרן חלף פון די בורזשויעס. ניין, די ביקס, די קויל, דער האַרמאַט, וואָס מיר האַלטן אין האַנט, דאַרף אָנגעווענדט ווערן נישט קעגן דעם דייטש — דעם אַרבעטער, נישט קעגן דעם עסטריי-כער—דעם אַרבעטער, וואָס זענען אונזערע ברידער פון נויט און פיין, נאָר קעגן די בורזשויעס, די אמתע שונאים אונזערע", און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

נאָך אַזאַ רעדע האָבן די זעלנער אָפן גערעדט:

„מען דאַרף אָפּשטעלן די מלחמה מיט די דייטשן און אָנהייבן אַ מלחמה מיט די בורזשויעס".

אַנדערע האָבן גיפטיג צוגעגעבן:

„מען דאַרף זיי עפענען די בייכער און אַרויסלאָזן די קישקעס!..״

די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו דערהאַלטן דעם פראָנט. אין אַ פעסטן פראָנט האָט זי מיט רעכט געזען איר קיום. זי האָט זיך אָבער נישט געקענט העלפן. זי האָט נישט געהאַט אַזאַ מאַכט, וואָס זאָל קענען דיסציפּלי-נירן דעם זעלנער.

נאָך דעם אומגליקלעכן אָנגריף אויף טאַרנאָפּאָל, וואָס האָט צוגענומען אַ סך קרבנות, האָט זיך נאָכמער פאַרשטאַרקט די צעפאַלונג פון פראָנט. מען האָט שוין גענומען באַפאַלן די אָפיצירן, וואָס האָבן געפּרואווט אויפהייבן די דיסציפּלין. מען האָט זיי אַראָפּגעריסן די עפּאָלעטן, געפּאַטשט, געטראָטן אונטער די פיס. אַלץ, וואָס אין דער טונקעלער נשמה פון פויער-זעלנער, האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַר די ווערע פּראָנט-יאָרן, האָט ער, דער זעלנער, איצט אויסגעלאָזט צו די אָפיצירן. מאַנכע אָפי-צירן, וואָס זענען באַזונדערס פאַרהאַסט געווען ביי די זעלנער, האָט מען אָנגעטאָן די גרעסטע עינויים. מען האָט זיי צעהאַקט אויף שטיקלעך מיט שווערדן, צעשטאָכן מיט שפּיזן, דערטרונ-קען אין די טייכן, דערשטיקט אויף די וועגן, דערשאָסן אין די קאַזאַרמעס...

ביי אונז האָט געוואוינט דער פּולקאָווניק באַראָן טויבע מיט זיין פרוי. אַזוי ווי פאַר אַן אָפיציר איז געוואָרן געפערלעך צו גיין אין גאַס, האָט באַראָן טויבע געדאַרפט אַראָפּנעמען די עפּאָלעטן, ווי דאָס האָבן געטאָן אַלע אָפיצירן, וועלכע האָבן געוואָלט אויסמיידן, אויב נישט אַ פריצייטיקן טויט, איז כאָטש בושה און קלעפּ פון די זעלנער.

באַראָן טויבע האָט אָבער בשום אופן ניט געקענט פועלן ביי זיך אַראָפּצונעמען די עפּאָלעטן. ער איז אַריינגעפאַלן אין היסטעריק, האָט געוויינט און געטענהט, אַז ער וועט בעסער באַגיין זעלבסטמאָרד, איידער ער, אַ פּאָלקאָווניק, אַ באַראָן, אַן אַריסטאָקראַט, וועט זיך לאָזן צונעמען די עפּאָלעטן. ביידע, מאַן און ווייב, האָבן איבערגעלעבט אַ פיינלעכע נאַכט. ער האָט זיך שפּעטער געוואָרפן צום רעוואָלווער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש און זי האָט אים אַלץ מיט געוויין און תחנונים אָפּגעהאַלטן. דאָסדאָזיקע בילד קען איך ביז היינט צו טאָג נישט פאַרגעסן.

אַלע באַמיִונגען פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג צו דערהאַלטן די דיסציפּלין אין דער אַרמעע, האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

גענעראַל לוקאָמסקי שרייבט אין זיינע מעמואַרן

„דער נייער קריגסמיניסטער אַ. א. גוטשקאָוו האָט געזאָגט, אַז ער וועט אָנווענדן אַלע מיטלען צו דערהאַלטן די דיסציפּלין אין דער אַרמעע און וועט אויסראָטן דאָס אַלץ, וואָס איז גורם איר צעפאַלונג.

„אָבער שוין אין די ערשטע שריט זיינע, אַלס קריגסמיניסטער, וואָס האָט געהאַט בדעה אויפצופרישן דעם קאָמאַנדירן־קאָמפּלעקס, זענען געווען נישט געלונגען.

„צווישן די אַלטע שעפן זענען באמת געווען אַזעלכע, וועלכע מען האָט געדאַרפט משלח זיין. אָבער דער קריגסמיניסטער האָט זיך גענומען פאַר דעם עסק צו אַנטשיידן און נישט געניג באַדאַכט.

„נאָכדעם איז גוטשקאָוו, דורך דעם גאַנג פון די געשעענישן, אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ פאַרשטענדיקונג מיט די עקסטרעמע עלעמענטן, און די זאַך האָט זיך געענדיקט דער-

מיט, וואָס ער האָט אַליין איינגעזען די גאַנצע אומבאַהאָלפּנ־קייט און דעם אומפאַרמיידלעכן אונטערגאַנג פון דער אַרמעע, ווי פון אַ רעגולערער קראַפט. און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פּאָסטן אַלס קריגסמיניסטער.

„טראַכטן וועגן אַ מעגלעכקייט אָנצוהייבן אינגיכן עפּעס אַן אַקטיווע אַקציע אויפן פראָנט איז געווען שווער.

„אין אַזאַ פאַל האָט מען געמוזט פונדאַסניי צונויפבינדן די צעפאַלענע טיילן.

„אָן געוויסע אויסעראָרדנטלעכע מיטלען איז עס אָבער געווען מער ווי צווייפלהאַפט“.

מיט יעדן טאָג האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרשטאַרקט די צעפאַלונג פון דער אַרמעע. אין שטאָט האָבן זיך גענומען צו רומטראָגן קלאַנגען, אַז מען וועט זיך אָפּרעכענען מיט יידן און מיט גוטבאַזיצער. וויבאַלד אַז מען שלאָגט אָפיצירן, איז דאָך נישט שייך, קען מען ממיתן אויך יידן. ס'איז נאָך נישט געווען דער פאַל, אַז אין רוסלאַנד זאָל מען שלאָגן איינעם און דערביי זאָל נישט ליידן אַ ייד.

אַ וויסטן סוף האָט דעמאָלט געהאַט דער פינף און אַכ־ציק־יאָריקער פירשט סאַנגושקאָ, פון סלאַוואוטע, אַן אייגנטימער פון אַ גרויסן מאַיאָנטעק און אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן. ווען די אָרטיקע זעלנער זענען אַרויס פון גדר, האָבן זיי געמאַכט אַ תל פון זיין פּאַלאַץ און דעם זקן האָט מען פריער צעשטאָכן מיט באַגנעטן און דעם טויטן גוף אַריינגעוואָרפן אין טייך.

די זעלנער האָבן געהאַט פרייע הענט און האָבן בכלל געקענט טאָן, אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט.

אַ צווייט מאָל איז מיר איצט אויסגעקומען צו הערן מיין נאָמען אין דער פאַרבינדונג מיט שרעקלעכע זאַכן. איך בין געפאָרן מיט מיין פרוי פון סלאַוואוטע, וואו זי האָט פאַרבראַכט

דעם זומער אויף דאַטשע. דער צוג איז, ווי דער שטייגער איז, געווען אָנגעפּילט מיט זעלנער.

די זעלנער פּיפּקען כּסדר פּאַפּיראָסן, שפּייען אויף דער פּאָדלאָגע און שמועסן צווישן זיך. וועגן וואָס שמועסט מען? וועגן אַלץ אין דער וועלט, דער עיקר אָבער וועגן יידן...

די זעלנער זענען על-פּי-רוב געהעצעט געוואָרן פון צוויי זייטן – פון רעכטס און פון לינקס. פון לינקס – רעוואָלוציע, פון רעכטס – זשידעס... די רעוואָלוציע האָט זיי געשמעקט. זי האָט זיי באַפרייט פון דער האַרטער אייזערנער פראָנט-דיסציפּלין, האָט זיי צוגעזאָגט ערד, פרייהייט, אַ גיכן סוף פון דער מלחמה. די שוואַרצע לאָזונגען פון די רעכטע האָבן זיי אָבער אויך געשמעקט. שלאָגן די זשידעס און צונעמען זייער האָב און גוטס איז אייגנטלעך אַ גאַנץ וואוילע זאַך. די רעוואָלוציע איז אין פלוג אַ זאַך פון דער צוקונפט, די לאָזונגען פון די רעכטע – אַן ענין פון היינט. מען קען באַלד אויפן אָרט זיך אָנפּאַקן מיט יידיש האָב און גוטס. און יידן זענען דאָך אַזוי רייך...

איך הער מיך צו נישט ווילנדיק, ווי די זעלנער שמועסן אין וואַגאָן. איינער פון זיי רופט זיך אָן מיט דעם ריכטיקן לשון פון אַ שוואַרצמאהניק:

„די יידן האָט מען געגעבן אַלע פּראַוועס, און דאָך האָבן זיי זיך נישט געענדערט אויף אַ האָר: זיי שווינדלען, דרייען זיך אַרויס פון דינסט, האַנדלען מיט געגנבעטע זאַכן, וואָס געהערן צום מיליטער אָדער צו דער רעגירונג... אָט האָט מען נישט לאַנג געמאַכט אַ רעוויזיע ביים דעם רייכן יידן פּיסיוק, אין ראָוונע, און מען האָט ביי אים געפונען אַ סך זאַכן פון דער אינטענדאַנטור און, חוץ דעם, אַ שלל ביקסן און קוילנוואַרפער... אַזאַ זשיד איז ווערט, מען זאָל אים אויפהענגען

באַלד אויפן אָרט. מען דאַרף אים אַפּילו נישט אויסשפּרעגן. גענומען אַ שטריק און אויפגעהאָנגען אָן אַ „דאָפּראָס״... אַזוי וואָלט איך געטאָן מיט אים... קיין בעסערן טויט האָט ער נישט פאַרדינט״.

ס'איז מיר מיטאַמאָל קאַלט געוואָרן אונטערן האַרצן. איך האָב ווידעראַמאָל מורא געהאַט, מען זאָל מיך נישט דערקענען...

איך האָב מיך אויפגעהייבן און בין אַרויס פון וואַגאָן אויף דער פּלאַטפאָרמע. דאָרט זענען אויך געשטאַנען זעלנער און געשמועסט צווישן זיך.

איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופן צו מיר:

„טאָוואַרישטש, טי יעווריי?״

„יעווריי״.

„סקאַזשי, פּאָזשאַלויסטאַ, פּאָטשעמו ווי מאַשעניטשאַיעטע? וואַם זשע דאַלי ווס־ע פּראַיוא?״ *).

דערהערט דידאָזיקע ווערטער, האָב איך מיך תחילת אַ ביסל פאַרלאָרן. אָבער אַזוי ווי ער האָט עס געפרעגט מיט אַ גאַנץ מענטשלעכן טאָן, האָב איך מיר גענומען האַרץ און גע־פרעגט:

„קען איך מיט אייך רעדן גאַנץ אָפנהאַרציק?״

די זעלנער האָבן זיך באַוועגט:

„נאָר אָפנהאַרציק! אַנישט דאַרף מען דאָך גאָרנישט רעדן״.

„יאָ, אָבער אַמאָל ווערט איר בייז, אַז מען זאָגט אייך אַן אמת וואָרט״, האָב איך זיי גוטמוטיק באַמערקט.

„קיינמאָל נישט! זאָג, וואָס דו ווילסט זאָגן!״ האָבן זיי מיך נישט אָפּגעלאָזט.

*) זאָג, איך בעט דיך, פאַרוואָס שווינדלט איר? מען האָט דאָך אייך געגעבן אַלע רעכט.

„הערט זיך איין", האָב איך מיך אָנגערופן, „איר טענהט, אַז מען האָט אונז געגעבן אַלע רעכט, אָבער ס'איז נישט אינגאַנצן ריכטיק..."

„וואָס הייסט?" האָבן זיך די זעלנער געחידושט. „מען האָט דאָך אייך געגעבן אַלע רעכט! מיר ווייסן דאָך!"

„זעט איר דאָך אָבער, אַז איר ווייסט נישט", האָב איך געשמייכלט.

„דהיינו?"

„אָט וועל איך אייך ווייזן".

„אדרבה!"

„זאָגט מיר, איך בעט אייך", האָב איך מיך אָנגערופן, „צי ווייסט איר, אַז יעדעס פאָלק האָט אַ געוויסע צאָל שווינדלער, מאָשעניקעס, אויסוואורפן, גנבים?"

„נו, זנאַיעם, זנאַיעם, קאָנעטשנאָ, זנאַיעם!" האָבן די זעלנער אַלע אין איין קול פּאָטאַקעוועט. „פאַראַן ביי אונז אויך מאָשעניקעס און ביי די דייטשן, ביי די פּאָליאַקן... אַ פאָלק פון בלויז צדיקים קען דאָך נישט זיין".

„נו, זעט איר", האָב איך מיך ווייטער אָנגערופן, „מען האָט אונז טאַקע געגעבן אַלע רעכט, דאָס איז ריכטיק, אָבער מען האָט אונז דערווייל נישט געגעבן דאָס וויכטיקסטע רעכט, פאַרשטייט איר, אַז מיר זאָלן אויך מעגן האָבן אַ ביסל שווינדלער, מאָשעניקעס, ווי אַלע פעלקער... די רוסן מעגן האָבן שווינדלער, די דייטשן אויך, די פראַנצויזן אויך, אָבער מיר, יידן, טאָרן זיי נישט האָבן... פאַרוואָס קומט עס אונז, אַז מען זאָל אונז נישט וועלן געבן אַזאַ וויכטיק רעכט? איר זאָגט דאָך אַליין, אַז עס קען נישט זיין אַ פאָלק פון בלויז צדיקים, סוויאַטאָשן?"

די זעלנער האָבן זיך צעלאַכט מיט ווייסע בלישטשענדיקע ציין. זיי האָבן מיך פאַרשטאַנען.

„גערעכט!“ האָבן זיי געשריען. „יעדעס פאָלק האָט זיינע מאָשעניקעס!“

איך האָב ווייטער געזאָגט:

„אין וואַגאָן האָב איך געהערט, ווי איר שמועסט צווישן זיך וועגן זאַכן, וואָס זענען גאָרנישט קאָנטראָלירט געוואָרן. איר אָבער שמועסט וועגן זיי, ווי וועגן אַ באַשטימטן פאַקט. איך האָב געהערט, ווי מען זאָגט, אַז פּיסיוק, אַ רייכער ייד אין ראָוונע, האָט אָנגעלייגט ביי זיך גאַנצע קעלערס מיט אָנגעגנבעטע קאַזיאָנע זאַכן... זעט איר, דאָס איז דאָך אַ ליגן, אַ שקר, אַ בלבול, און דאָ רעדט מען וועגן דעם, ווי וועגן אַ פאַקט. נאָר זאָל זיין, אַז דאָס איז אַן אמת, טאָ וואָס זענען אָבער שולדיק אַלע יידן? פאַרוואָס זאָל מען צוליב איינצלנע שווינדלער און אויסוואורפן באַשולדיקן אַ גאַנץ פאָלק?“

„ווירנאָ!“ האָבן די זעלנער געשריען. „ווירנאָ גאָוואָריט!“

„אָט איז ביי אייך געווען נישט עפּעס אַ מענטשל דאָרט, אַ קליין אומבאַקאַנט מענטשל, לאָמיר זאָגן, נאָר דווקא אַ מיניסטער און דווקא אַ קריגסמיניסטער אין דער וועלט-מלחמה“, האָב איך ווייטער געזאָגט, „וואָס איז באַגאַנגען שווינדלען און פאַרברעכנס ביי זיין הכּכּט פאַראַנטוואָרטלעכן אַמט און ער זיצט שוין אַ היפּש שטיקל צייט אין טורמע... איר פאַרשטייט, אַ קריגסמיניסטער — אין טורמע? נו, איז וואָס, וועל איך דעריבער זאָגן, אַז אַלע רוסן זענען שווינדלער? ווען איך זאָל דאָס זאָגן, וואָלט איך דערמיט נאָר געוויזן, אַז איך בין אַ טעמפּער מענטש, אַ בלינדער מענטש, וואָס זעט גאָרנישט. און דערצו וואָלט איך באַגאַנגען אַ גרויסע עבירה

פאַר גאָט, ווייל איך וואָלט די שולד פון איין מענטשן אַרויפ־
געוואָרפן אויף אַ גאַנץ פאָלק..."

איך האָב געוואונען דעם „דיספוט", אָבער מסתמא־
נישט אויף לאַנג. מיט פּאָנקען איז שוין אַזוי: ווען איך מיט
אים רעדן לאָגיש און ערלעך, וועט ער זאָגן, אַז איך בין
גערעכט. וועט אָבער קומען אַן אַנדערער און וועט מיט אים
איינטענהן פונקט דעם היפוך, וועט ער זאָגן, אַז יענער איז
גערעכט...

ער איז אינגאַנצן רוי, ווילד, און יעדעס וואָרט פאַלט
אויף זיין נשמה, ווי אַ קערנדל אויף פרוכטבאַרער ערד...

און טאַקע דערמיט דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס
אויפן שטח פון דעם צעלייגטן און צעפאַלענעם פראַנט האָט
זיך ווי נישט וואו געפונען אַ הייפעלע זעלנער, וואָס זענען
געבליבן טריי דער דיסציפּלין און טריי דער פּראָוויזאָרישער
רעגירונג. מסתמא איז געווען צווישן זיי אַ מענטש, וואָס האָט
דערווייל געקענט ווירקן אויף זיי מיט די און די ווערטער,
ביז עס וועט קומען אַ צווייטער מענטש און וועט ווירקן אויף
זיי מיט אַנדערע ווערטער...

די מלחמה האָט אַרויפגעוואָרפן אויפן פראַנט מיליאָנען
מענטשן. די מאַכט, וואָס האָט זיי געצוואונגען דערצו, איז איינ־
געבראָכן געוואָרן און איצט זענען דידאָזיקע מיליאָנען אין גרויע
שינעלן אַרויסגעקראָכן פון די זשקאָפּעס און האָבן זיך אַרומ־
געקוקט מיט האַלב־ווילדע אויגן. קיין שום גדר האָט זיי נישט
געקענט צוימען. קיין שום כּח האָט זיי נישט געקענט צוריק
האַלטן אין זייער אימפּעט.

אַזאַ שטאָט, ווי ראָווגע, האָט עפּעס געדאַרפט כאַפּן אַ
ציטער. זי איז געלעגן אין אַ רינג פון אומרואיקע זעלנער.

אונזער וויצע־פּרעזידענט האָט, נעבעך, געהאַט אַ סך אַר־

בעט. ער האָט כסדר געדאַרפט פאַרמיטלען צווישן דער שרעקעוודיקער שטאָט און דעם אומרואיקן זעלנער-רינג.

דער שרעקעוודיקער שטאָט האָט ער געזאָגט:

„מען דאַרף זיין רואיק. ס'וועט גאָרנישט געשען...״

דעם אומרואיקן רינג האָט ער געמוסרט:

„חברים, מיר מוזן אַרויסווייזן בירגערלעכן מוט. מיר טאָרן נישט דערלאָזן צו קיין אומרוען, וואָס וועלן זיכער איינשלינגען די גרויסע פרוכטן פון דער רעוואָלוציע... די אָרדענונג איז די ערשטע זאַך״.

די חזקות פון זיין פאַרמיטלונג איז געהאָנגען אויף א האָר. זאָל נאָר א בלאָז טאָן אַ שטאַרקערער ווינט — און גאָט ווייס, וואָס עס קען ווערן פון ראָוונע.

ווער האָט עס דעם גרויסן שמשון-כוח צו קערעווען מיט דער געוואַלדיקער אומרואיקער הויכער זעלנער-כוואַליע?



# קאַפּיטל XXIII

פּאָגראָם-שטימונג. — די ערשטע סימנים פון באָלשעוויזם מיט אַ ריח פון פּאָגראָמען. — מען וויל נישט צאָלן פאַר פּראָדוקטן. — מען שליידערט אויף דער גאַס פּעקלעך הערינג. — זעלנער, וואָס גייען מאַכן אַ תכלית פון פּיסיוקס זאַוואָד. — איך און מיין יונגע טאָכטער. — אַ מיאוסער אמת איז שענער פון אַ שיינעם ליגן. — די סצענע אויפן הויף פון זאַוואָד, ווען זעלנער דערשמעקן ביר. — אַן איבערלעבונג און איר שפּעטערדיקע באַשרייבונג. — די קהילה-וואַלן אין ראָוונע. — די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. — טרייע ציוניסטישע טוער: טערלא, בערמאַן, דר. שווידקע, ד. באַראַל. — די לינקע שטימונגען. — אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט. — דער רעזולטאַט פון די וואַלן.

אין אַזאַ צייט האָט מען נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן אויף אַ פּאָגראָם-שטימונג. זי איז געהאנגען אין לופטן. זי האָט וויילעוויז אַריינגעגנבעט יעדן איינעם אין האַרץ אַריין...

אין ראָוונע איז געשטאַנען אַ פּולק און איין פּולעמיאָטן-ראָטע. איינער, אַ יונגער באָלשעוויסטיש-געשטימטער אָפיציר, האָט דערקלערט די זעלנער, אַז מען קען אייגנטלעך אָנהייבן נעמען סחורה אין די קראָמען און נישט צאָלן דערפאַר. צום בעסטן, אַ שטייגער, איז צו נעמען עסנוואַרג. דאָס געזעץ

וועגן פּריוואַט-אייגנטום איז אַ געמיין געזעץ, וואָס איז אויס-געטראַכט געוואָרן פון די בורזשויעס. און דעריבער איז טאַקע געשאַפן געוואָרן אַזאַ אָרדענונג, אַז איינער האָט אַלץ און דער צווייטער האָט גאָרנישט...

מיטן זעלנער האָט מען, נאַטירלעך, נישט געדאַרפט לאַנג איינטענהן וועגן אַזעלכע ענינים. ער האָט זיי תּיכּף פאַרשטאַ-נען פון א ביז ת.

תּחילת האָט זיך עס אָנגעהייבן פון דעם, וואָס מען האָט זיך גענומען טשעפּען צו די קרעמער, אַז זיי שרויפן אויף די פּרייזן און אַז זיי זענען שולדיק אין דעם יקרות אין שטאָט. נו, און נאָכדעם, האָט מען אָנגעהייבן נעמען פּראָדוקטן און נישט געוואָלט צאָלן פאַר זיי... און ווען דער קרעמער האָט זיך געפּרואווט איינשטעלן פאַר זיין סחורה, האָט עס געהאַלטן דערביי, אַז מען זאָל אים אינגאַנצן צעראַבירן די סחורה און מאַכן אַ תּל פון זיין קראָם.

אין איין געוועלב האָבן די זעלנער אַרויסגעשליידערט אויף דער גאַס עטלעכע פעסלעך מיט הערינג און בעת מעשה געשריגן צו דעם אַרומיקן עולם פון זעלנער און ציווילע מענטשן:

„נעמט, ווער עס וויל! שרעקט אייך נישט! אויף אונזער אַחריות!"

און דער עולם האָט זיך טאַקע נישט געלאָזט לאַנג בעטן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז קיין זכר נישט געבליבן פון דעם.

באַלד דערויף האָבן זיך דערהערט דראָענדיקע ווערטער און מען האָט דערזען בראַנענדיקע אויגן, צוזאַמענגעלייגטע פויסטן. די ריכטיקע פּאָגראָם-פויסטן. אין שטאָט איז געוואָרן אַ טומל, אַ בהלה. מען האָט גענומען שליסן די געשעפטן און לויפן מיט די שליסלען אַהיים.

איך בין דעמאָלט געגאַנגען מיט מיין טאָכטער אין גאַס. די שטימונג איז געווען זייער אַ געדריקטע. אויפן האַרץ איז געלעגן אַ שטיק בליי. די הענט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט. איך מיין, אַז יעדן ייד אין רוסלאַנד איז באַקאַנט דערדאָזיקער צושטאַנד.

פּלוצלונג האָבן מיר אָנגעטראָפן (?) ...

פּלוצלונג האָבן מיר אָנבאַגעגנט ביי אַ פּאָר הונדערט זעלנער, וואָס האָבן פּעסט געשפּאַנט פאָרויס. בראש פון זיי איז געגאַנגען ז׳ער אָפיציר, וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקע נטיה צום באָלשעוויזם...

איך האָב געוואוסט, אַז אין אַזאַ טאָג, ביי אַזאַ שטימונג, וועט דערדאָזיקער אָפיציר נישט גיין גלאַט אין דער וועלט אריין מיט זיינע זעלנער. מסתמא גייט ער מיט זיי אויף אַ באַשטימט שטיקל אַרבעט. די זאַך איז מיר טאַקע באַלד קלאָר געוואָרן.

אַ זייטיקער זעלנער האָט זיי גוטמוטיק אַ פרעג געטאָן פון טראָטואַר:

„וואוהין גייט איר, חברים?"

יענע האָבן געענטפערט:

„מי אידיאָם גראָמיט זאַוואָד פּיסיוקאַ!*)".

אויף אַ מער פאַרשטענדלעכן לשון האָט עס געהייסן, אַז מיר גייען זיך אָנשיכורן און נאָכדעם וועלן מיר זען, וואָס מיר האָבן צו טאָן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מחנהלע פון צוויי הונדערט זעלנער האָט זיך אויפן וועג צענפאַך פאַרגרעסערט. עס האָט צוגעצויגן ווי אַ מאַגנעט אַלע פאַרבייגייענדיקע זעלנער און אַזוי לוידיקגייער. עס זענען העגדום־פּענדום אַרויסגעשפּרונגען פון די דערבייאיקע עפּיטאָלן די פאַרוואונדעטע און קראַנקע

*) מיר גייען מאַכן אַ תל („אַ תכלית") פון פּיסיוקס זאַוואָד.

זעלנער, און טאַקע אַזוי ווי זיי גייען, אין די שפּיטאָל-כאַלאַטן, זיך צונויפגעמישט מיט די שפּאַנענדיקע זעלנער.

זיי זענען געגאַנגען פרייליך, מונטער, אייליק, מיט דער תאווה פון פּאָגראָמשטשיקעס...

זיי האָבן געשריִען, געליאַרעמט, ווילד געלאַכט, און צו־געצויגן אַלץ אַ גרעסערן עולם אַרום זיך. איך האָב מיך אי־בערגעקוקט מיט מיין טאָכטער. אין קאָפּ האָט מיר איבערגענט די פּאָגראָם-פראַזע

„מי אידיאָם גראָמיט זאַוואָד פּיסיוקאַ!"

מיין טאָכטער האָט געזאָגט:

„טאַטע, דו גיי אַוועק. באַהאַלט דיך ערגעץ. איך וועל גיין אין זאַוואָד".

דאָס איז געווען זייער אַ דרייסטער פאָרשלאַג פון אַ יונג מיידל, און איך בין מיך מודה ומתוודה, כאָטש עס איז אפשר זייער נישט שיין (אַ מיאוסער אמת איז דאָך שענער ווי אַ שיינער ליגן), אַז איך האָב פאַר גרויס פּחד גאָרנישט איינגעווענדט קעגן דעמדאָזיקן פאָרשלאַג. אינסטינקטיוו האָב איך אים אָנגענומען און בין אַנטלאָפן אין אַ באַקאַנטער שטוב. איבערלאָזנדיק דער טאָכטער אונטער די געשרייען פון די זעלנער...

מיין טאָכטער איז אַוועק אין זאַוואָד.

ווען די זעלנער זענען מיט גרויס טומל און געפּילדער אַרויף אויפן הויף פון זאַוואָד, האָט זיי מיין טאָכטער געפרעגט

„וואָס פאַרלאַנגט איר?"

דער אָפיציר האָט געענטפערט:

„מיר זענען געקומען מאַכן אַ רעוויזיע. ביי אייך ליגן, זאָגט מען, באַהאַלטן קאַזיאָנע זאַכן... פּוליעמיאָטן... קוילן.. מען דאַרף דאָס אַלץ זען".

אַ טייל זעלנער האָט זיך דערווייל אַריינגעכאַפּט אין דער גיס־אָפּטיילונג און האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די פלעשער ביר...

מען האָט געבראָכן פלעשער, עס זענען געפלויגן קאָרקעס און מען האָט געגאָסן און געגאָסן אין זיך די געלע פליסיקייט.

אַ טייל, ווידער, האָט זיך געריסן אין קעלער, וואו עס איז געשטאַנען דער זאַפּאַס פון ביר. מיין טאָכטער האָט אָבער נישט דערלאָזט דערצו. זי האָט מוטיק פאַרשטעלט מיט זיך דעם וועג צום קעלער.

די צעיושעטע זעלנער האָבן גענומען שרייען:

„נאַסטופּאַי, רעביאַטאַ! בראָס יעיאָ וו פּאָדוואַל!“

די לאַגע איז געווען אַ קריטישע. מיין טאָכטער האָט אויסגערופן:

„סאָלדאַטן! שוין זשע זענען נישטאָ צווישן אייך קיין באַוואוסטזיניקע מענטשן, וואָס זאָלן וועלן אַרויסהעלפן אַ פרוי אין אַ שווערער מינוט?“

באַלד זענען אַרויסגעשפּרונגען פיר אונטעראָפיצירן, וואָס האָבן גענומען ריטעריש שרייען צום המון זעלנער:

„ניץ דאַדים אָביזשאַט זשענשטשינו! ניע דאַדים!“

די זעלנער האָבן אַ ביסל נאָכגעלאָזט. אַזוי ווי עס האָט זיך כּלומרשט געהאַנדלט וועגן אַ רעוויזיע און מען האָט כּלומרשט געזוכט געווער און קאַזיאָנע זאַכן, האָט מיין טאָכטער געזאָגט, אַז מער ווי צען מאַן וועט זי נישט אַריינלאָזן אין קעלער. זי האָט אָנגעהייבן ציילן:

„ראַז! דוואַ! טרי!“

איין זעלנער, פון די אומגעדולדיקע טומלדיקע פּאָנקעס,

איז צוריינגעפאלן אין קעלער און האָט זיך צעמזיקט, אַזוי, אַז ער האָט זיך שוין נישט געקענט אויפהייבן פון אָרט.

די מהומה האָט זיך פאַרצויגן. מיין טאָכטער האָט גע-דאַרפט אָפהאַלטן אַזאַ המון. צום גליק, איז אָנגעקומען דער שטאָט-פרעזידענט מיט די פאָרשטייער פון דעם אַרבעטער- און כאָלדאַטנראַט. מיין טאָכטער האָט געקענט אָפּציען דעם אָטעם.

עס האָט זיך געטומלט מיט די זעלנער ביז עלף אַ זייגער ביינאַכט. צולעצט זענען זיי אַוועק. זיי האָבן אָבער צוגע-זאָגט, אַז מאָרגן אינדערפרי זענען זיי ווידער דאָ. עס האָט זיי שטאַרק פאַרשמעקט דער ביר, בפרט נאָך, אַז זיי האָבן געהאַט אַזאַ גוטן תירוץ:

„מיר זוכן געווער און קאַזיאָנע זאַכן...״

זיי האָבן טאַקע געהאַלטן וואָרט. צומאָרגנס זענען זיי ווידער געקומען. ס'איז שוין אָבער געווען אַ ביסעלע צו שפעט. עס זענען תיכף אָנגעקומען קאַוואַלעריסטן, וועלכע האָבן אָן שום שהיות אַנטוואָפנט די טרייע געווער-זוכער און פאַרטריבן זיי מיט גרויס בושה פון הויף.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז בשעת מען באַשרייבט עס אויפן פאַפיר, אין יאָרן אַרום, מאַכט עס אַן איינדרוק פון אַ גאַנץ לעבעדיקן „עפיזאָדל״, פון אַ סצענקע מיט אַ לייכטער פאָג-ראָם-באַפאַרבונג, אָדער גלויבט מיר, בשעת מען לעבט עס איבער, ציטערט גאַנץ געגנוג דאָס האַרץ...

ביי דער איבערלעבונג ווערט אין די אויגן פינסטער און מען זעט גאָרנישט אַרום זיך, איצט אָבער ביים שרייבן — זעען די אויגן גאַנץ קלאָר.

* * *

עס איז אָנגעקומען אַ צירקולאַר, אַז מען זאָל אָרגאַני־זירן די קהילה אין ראָוונע. ווידעראַמאָל וואַלן, ווידעראַמאָל אַ וואַלקאַמף פון אַלע פּאַרטייען. עס ווערט לעבעדיק אין שטאָט.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך שטאַרק צעבליט. איר השפּעה האָט מען געשפּירט אויף יעדן שריט און טריט. איר פירער איז געווען טערלא, אַ יונגער פּעאיקער סטודענט, אַן אויסגעצייכנטער רעדנער. ער האָט אַריינגעבלאָזן אַ שטיק לעבן אין דער אָרגאַניזאַציע. ווען ער איז שפּעטער אַוועק קיין רוסלאַנד, האָט זיין אָרט פאַרנומען בערמאַן, אַ ליבער געמיטלעכער מענטש, וואָס האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט דער ציוניסטישער אַרבעט.

צו יענער צייט איז אָנגעקומען פון בערדיטשעוו קיין ראָוונע דר. שווידקע, וועלכער האָט מוטיק און ענערגיש גענו־מען אין האַנט אַריין די ציוניסטישע לייצעס. ביידע, ער און בערמאַן האָבן אַ סך אויפגעטאָן פאַר דעם ציוניסטישן רעיון אין ראָוונע. זיי זענען אָבער געווען פּראַקטישע מענטשן און האָבן געקענט דעם רעיון צוגעבן בלוט און פלייש און פאַרי־בינדן אים מיטן לעבעדיקן לעבן.

דער סעקרעטאַר איז געווען ד. באַראַל, אַ יונגער ראָווי־נער בחור, זייער אַן ענערגישער, מיט שטאַרק לינקע שטימונ־גען. איבעריקנס, זענען אַלע דעמאָלט געווען לינק געשטימט. ווען עס פאַלט אַזאַ כּוח, ווי דער אַלטער רוסישער ראָמאַנאָווי־רעזשים, איז נישט קיין וואונדער, וואָס אַלעמען האָט איני־סטינקטיוו כּסדר געצויגן לינקס...

אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט:

ביי די וואַלן צו דער קהילה האָב איך אַרויסגעשטעלט מיין קאַנדידאַטור, נאַטירלעך, אויף דער ציוניסטישער ליסטע. מען האָט מיר אָבער געגעבן דעם פערטן אָרט. אַ צווייטער, ה׳ ק. ג. האָט באַקומען דעם דריטן אָרט. מיר האט די זאַך אויסגעזען אַ ביסל משונה.

איך פאַרשטיי, צום ביישפּיל, אַז דר. שווידקען שטייט אויף דער ליסטע דער ערשטער אָרט, בערמאַנען — דער צווייטער אָרט, אָבער פאַרוואָס קומט דעם ה׳ ק. ג. דער דריטער אָרט און מיר דווקא דער פערטער?

שעם איך מיך נישט און פרעג דעריבער:

„פאַרוואָס איינטלעך מאַכט מען אַזאַ אונטערשייד צווישן מיר און ק. ג., אַז ער זאָל גיין פריער און איך נאָך אים?"

ענטפערט מיר רואיק דער סעקרעטאַר, ד. באַראַל:

„די זאַך איז אַ פשוטע. ק. ג. עקספּלאָאַטירט נישט קיין אַרבעטער און איר זענט אַ פאַבריקאַנט... ער איז אָן אַ ספק בילכער פון אייך. איר דאַרפט גיין אויפן לעצטן אָרט..."

פאַר דער איצטיקער צייט וואָלט עס געווען אַ ביסעלע צו האַרב און צו שאַרף געזאָגט, פאַר יענע צייטן אָבער איז עס געווען גאַנץ נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך.

די וואַלן זענען צוגעגאַנגען זייער לעבעדיק. די פאַרטייען אונזערע האָבן גוט געשוויצט. דער רעזולטאַט איז געווען פאָלגנדיקער:

די ציוניסטן האָבן באַקומען 12 מאַנדאַטן.
די בונדיסטן „ „ 10 „
די אַגודה „ „ 8
סוחרים און הויזבאַזיצער 6 „
פאַרייניקטע סאָציאַליסטן 2 „

אַזוי־אַרום האָבן די ציוניסטן באַקומען די מערהייט, וואָס מען האָט געקענט, נאַטירלעך, פריער פאָרויסזען.

פּרעזעס פון דער קהילה איז געוואָרן טאַקע דער אייגע־נער ק. ג., וואָס האָט פאַרנומען דעם מיר אַזוי פאַרדריסלעכן דריטן אָרט אויף דער ליסטע, און וויצע־פּרעזעס — בערמאַן.

ביידע האָבן זייער טיכטיק געאַרבעט און ביידן איז אויסגעפאַלן צו פירן די קהילה אין די שווערסטע צייטן און אין די גרעסטע פּחדים.

זיי האָבן זי אָבער געפירט מוטיק, ערלעך און ענערגיש און פאַרדינען אַ גרויסן שבח פאַר זייער אַרבעט, וואָס איז אָפט געווען פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות.



## קאַפּיטל XXIV

שאַרפֿע באָלשעוויסטישע ווינטן. — א האַנדל מיט נעפּער. — גאַנץ ראָזינע האַלט אין איין שיסן. — עלעגאַנטע אויטאָמאָבילן באַזעצט מיט זעלנער. — א בית־עולם פֿון אויטאָמאָבילן. — זעלנער, וואָס פֿאָרן אַרום און מסחרן מיט קאַזיאָנע זאַכן. — אויס יחוס־דיקע וואַגאָנעס. — א דיאַלאָג צווישן א באַלעבאָס און אן אומבאַקאַנטן מענטשן. — מען לעבט ווי אין א וואַלד. — מען באַדעקט זיך אין קאַלטן שווייס פֿון פּחד. — איך שאַף מיר איין א שמירה, כדי צו שלאָפֿן רואיקער. — דער ערשטער איבערפֿאַל מיט א מאָרד ביי מיינעם א שכן. — א צווייטער קרבן פֿון באַנדיטן. — איך באַקום א בריוו פֿון א „געהיימער אָרגאַניזאַציע", וואָס פֿאָדערט געלט. — עס פֿאַלט א חשד אויף דער פּאָליציי. — מיר פֿירן א מלחמה מיט אן אומזעעוודיקן שונא. — א מענטש ווערט צו אַלץ געוויינט.

דער זומער איז אַוועק, און נאָך סוכּות האָבן אָנגעהייבן צו בלאָזן שאַרפֿע באָלשעוויסטישע ווינטן איבער ראָוונע...

אויפֿן פֿראָנט (אויב מען האָט געקענט אָנרופֿן די האַלב לײדיקע אָקאָפּעס מיט די צעזשעטע זעלנער „פֿראָנט") איז געגאַנגען אַ שטאַרקע באָלשעוויסטישע אַגיטאַציע. די זעלנער האָבן אַוועקגעוואָרפֿן דאָס געווער און די, וואָס זענען געווען מיושבֿדיקער, מיט סוחרישע פֿעאיקייטן, האָבן דאָס געווער

נישט אוועקגעוואָרפן, נאָר געמאַכט אַ האַנדל דערפון. מען האָט געקענט קריגן אַ רעוואָלווער פאַר קליינגעלט, פאַר אַ פלאַש ביר.

גאַנץ ראָוונע האָט געהאַלטן אין איין שיסן. יעדער איינער פונם יונגוואַרג האָט זיך איינגעשאַפט אַ רעוואָלווער און האָט טאָג און נאַכט געשאָסן. מען האָט געקענט טויב ווערן פון די קנאַלן.

די באָלשעוויסטישע אַגיטאַציע האָט אויפגעגעסן דאָס לעצטע ביסל דיסציפלין, וואָס האָט נאָך געטליעט ערגעץ אין די אָקאָפעס.

אין די עלעגאַנטע אויטאָמאָבילן זענען איצט נישט געזעסן קיין גענעראַלן אָדער אויסגעצאַצקעטע פראַנטישע שטאַב-אָפיצירן. אויף זייער אָרט האָט זיך אַנידערגעזעצט פאָנקע מיטן ברייטן געזעס און איז אַרומגעפלויגן איבער דער שטאָט, ווי אַ שד...

ביי פאָנקען האָט דער אויטאָמאָביל לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ער איז באַלד קאַליע געוואָרן, האָט אויפגעהערט צו אָטעמען און מען האָט אים אַוועקגעשליידערט מיט דערזעלבער לייכטקייט, ווי מען האָט אַוועקגעשליידערט דאָס געווער.

די וועגן, וואָס האָבן געפירט צום פראָנט, זענען געווען פאַרלייגט מיט הונדערטער פגרים פון פערד און הונדערטער פגרים פון אויטאָמאָבילן... עס האָבן זיך געוואַלגערט טויטע ביקסן, אַוועקגעשטאָרבענע פוליעמיאָטן.

דער גורל פון מאָטאָציקלען איז שוין געווען אַ בעסערער. מיט זיי האָט מען אַ ביסל געמסחרט. פאַר אַ וואָסערע צען רובל האָט מען געקענט איינהאַנדלען אַן אויסגעצייכנטן מאָטאָציקל. אַן אויסערגעוויינלעך ביליקע סחורה, וואָס יעדער איינער וואָלט זיך מסתמא געוואָלט איינשאַפן, ווען ער וואָלט אַ ביסל נישט צוגעציטערט פאַר אַ שפּעטערדיקער שטראָף...

די זעלנער האָבן כּסדר צעמגעבלאָנקעט איבער אַלע דערפייאיקע שטעט, ישובים, דערפער, טראַקטן. זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ טייך, וואָס איז מוראדיק אַרויס פון די ברעגן...

אַנדערע האָבן זיך רואיק אַריינגעזעצט אין צוג און זענען אַוועקגעפאָרן אַהיים. קיינער האָט זיי נישט נאָכגעיאָגט און קיינער האָט זיי נישט אָפּגעשטעלט. זיי זענען איצט אַליין געווען די באַלעבאַטים איבער זיך. זיי האָבן געטאָן, וואָס זיי האָבן געוואָלט.

אַנדערע זענען זיך כּסדר אַרומגעפאָרן: פון פראָנט אַהיים, פון דערהיים צום פראָנט. זיי האָבן צוגעמסחרט, פאַרדינט געלט. זיי האָבן אויף די וועגן פאַרקויפט קאַזיאָנע זאַכן, וועלכע האָבן זיך אָן שום השגחה אַרומגעוואַלגערט אין די אַמוניציע-פּונקטן ביים פראָנט. מען האָט פאַרקויפט געווער און מען האָט פאַרקויפט הויזן, מונדירן, שינעלן, וועש...

על-פּי-רוב האָט מען זיך נישט געדונגען. וויפל דער קונה האָט געגעבן, איז געווען גוט. אַבי עס איז נאָר געווען אַ קונה. סחורה איז געווען איבערגענוג. זי איז געלעגן, ווי וואַסער אין אַ טייך. ווער עס האָט נאָר געוואָלט, איז צוגע-גאַנגען און גענומען...

די צוגן זענען געווען איבערגעפּאַקט מיט וואַנדערנדיקע זעלנער. די וואַגאָנעס האָבן פאַרלאָרן זייערע קלאַסן. די יחוס-דיקע וואַגאָנעס פון ערשטן און צווייטן קלאַס זענען אויסגע-גלייכט געוואָרן אין די רעכט מיט זייער אָרעמען ברודער — דעם דריטן קלאַס...

נאָכמער: מען האָט זיי אויך בלוטיק באַליידיקט. מען האָט זיי אַראָפּגעריסן דעם פּליוש פון די ווייכע דיוואַנעס, די

פאַרהאַנגען פון די פענסטער, די פאָרטיערן ביי די טירן און מען האָט פאַרשפּייט און פאַרכראַקעט די ווענט און די פּאָד לאָגע...

דער געוויינלעכער באַלעבאָס, וואָס איז געווען געוויינט צו אָרדענונג און צו אַ סטאַבילער איינטיילונג פון מענטשן און זאַכן, האָט נישט געקענט צוזען אַזאַ מין הנהגה. ער האָט זיך טיילמאָל געכאַפּט פאַרן קאָפּ און האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע איבערגעשראָקענע אויגן.

„זעט נאָר", האָט ער מיט פּיין געזאָגט, „וואָס מען האָט עס געמאַכט פון די צוגן, פון די וואַגאָנעס, פון די וואָקזאַלן... אויב עס וועט אַזוי גיין ווייטער, גועט דאָך אונטערגיין די וועלט !.."

„וואָס דאגהט איר אַזוי פאַר דער וועלט?" פרעגט אים צן אומבאַקאַנטער מענטש מיט שאַרפע אויגן. „אָנשטאָט דעם, וואָס איר זאָלט כסדר זאָרגן פאַר דער וועלט, זאָל זי בעסער זאָרגן פאַר אייך... אפשר וועט איר דעמאָלט האָבן אַ לייכטערן קאָפּ, ווי איצט..."

דער באַלעבאָס שרעקט זיך צו רעדן מיט דעם אומבאַ־קאַנטן מענטשן. גאָט ווייס, ווער ער איז. די צייט איז אַזאַ, אַז מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק. פונדעסטוועגן קען ער זיך נישט איינהאַלטן און רופט זיך אָן:

„כ׳ווייס, מען איז דאָך עפּעס מענטשן... סתם נעמען און מאַכן אַ תל פון זאַכן...

דער אומבאַקאַנטער מענטש רוקט זיך צו נעענטער. ער האַלט די הענט אין די קעשענעס. די אויגן זיינע שטעכן, ווי מיט שפּיזן. ער זאָגט מיט שוים אויף די ליפּן:

„מענטשן זענט איר? שמאַטעס זענט איר, ווערעמס, שטשו־רעס, אייזלען!"

דער באַלעבאָס ווערט בלאַס, רוקט זיך אָפּ אַהינטער, מאַכט פּאַוואָליע פּיס, שאָקלט צו מיטן קאָפּ און פּאַטאַקעוועט דעם אומבאַקאַנטן מענטשן:

„נו, יאָ, אַוודאי, שמאַטעס... שמאַטעס...“

מען האָט זיך אָנגעהייבן פּשוט שרעקן פאַרן לעבן. ס'איז שוין נישט געווען קיין פּאָגראָם-שטימונג, נאָר אַ ריין פּחד-שטימונג. אַ פּחד פון אַ מענטשן, וואָס בלאָנקעט אַרום ביינאַכט אין אַן אומרואיקן וואַלד. עמעץ קען דיך אַ ליאַדע מינוט אָנכאַפּן ביים האַלז און דערשטיקן, דערווערגן, דורכלעכערן די ברוסט מיט אַ קויל, מיט אַ מעסער...

די גאַנצע שטאָט האָט אויסגעזען, ווי אַ וואַלד ביינאַכט. ווער ווייס, ווער עס טריט עס קלינגען אָפּ אויפן טראָטואַר, אויף די שטיינער פון ברוק? ווער ווייס, ווער עס שטייט ביי דיר הינטער דער טיר, ווער עס גייט צו דיר אויף די טרעפּ?

נישט איינמאָל האָט דיך אָפּגעגאָסן אַ קאַלטער שווייס פון פּחד. פון בחינמדיקער שרעק. אין אַזאַ מאָמענט קען מען זיך נישט אַריינגריבלען מיטן רעיון אין דעם, צי דער פּחד האָט עפּעס אַ באָדן אונטער זיך, צי נישט. דאָס האַרץ קלאַפּט — און גענוג. אַלע האָבן זיך געשראָקן. קיינער איז נישט געווען זיכער מיטן לעבן.

דער פּחד איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן פון די כסדר-דיקע שיסערייען. טאָג און נאַכט האָט מען געשאָסן אין ראָוונע פון די ביליק איינגעהאַנדלטע רעוואָלווערן. מען האָט געשאָסן אין די הויפן, אויף די גאַסן, און יעדעס מאָל האָט זיך נישט ווילנדיק, געדאַכט, אַז דאָס איז אַן אָנפאַל, אַן איבער-פאַל און עמעץ שרייט:

„גע — וו — אַ — ל — ד!.. גע — וו — אַ — ל — ד!..“

איך האָב געזען, אַז איך קען מיך נישט באַפרייען פונם פּחד, האָב איך מיר אויך איינגעהאַנדלט עטלעכע ביקסן (דירעק־זיקע סחורה איז דאָך געווען בזיל־הזול!) און אָנגעדונגען אַ פּאָר קריסטן, אַז זיי זאָלן מיר היטן דעם הויף..

מיט אַ שמירה, וועלכע עס זאָל נישט זיין, איז פאָרט רואיקער און מען קען ביינאַכט צומאַכן מיט אַן אויג

אויב דער פּחד האָט תּחילת געהאַט, אַזוי צו זאָגן, מער אַ טעאָרעטישן, ווי אַ פּראַקטישן באָדן אונטער זיך, האָט ער איצט אָבער באַקומען אַ פעסטן ממשותדיקן פונדאַמענט. אויב מען האָט פריער נישט געקענט געבן קיין ריכטיקן ענטפער אויף דער פראַגע:

„וועמעס האַרטע טריט קלינגען עס אָפּ אויפן טראָטואַר?"

האָט מען איצט שוין מיט אַ גאַנץ זיכערן מאָן געקענט זאָגן:

„עס גייט אַוודאי אַ באַנדיט..."

און באַנדיטן זענען טאַקע געגאַנגען. אינמיטן נאַכט איז מען באַפאַלן מיינעם אַ שכן, אַ לעדער־פאַבריקאַנט. מען האָט אים דערהרגעט און פאַרוואונדעט זיין פרוי...

אין שטאָט האָט עס געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם, און מען האָט זיך אָנגעהייבן שרעקן פאַר די נעכט, ווי פאַר ערד־ציטערניש...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען דערשאָסן דעם באַקאַליי־קרעמער אפרים רייזער, אונזערער אַ גוטער פריינט. ער איז אריינגעפאָרן קיין ראָוונע פון ראַדזיוויל און האָט געעפנט אַ באַקאַליי־געשעפט. אינאָוונט, ווען ער האָט פאַרשלאָסן די קראָם און איז געגאַנגען אַהיים מיט דער קאַסע, האָט מען אים אָפּ־געוואַרט אויף די טרעפּ, וואו מען האָט אים דערשאָסן.

צומאָרגנס, ווען איך האָב געדאַרפט גיין צו דער לוויה פון דעם דערשאָסענעם, האָט מיר דער בריווטרעגער דערלאַנגט אַ בריוו מיט אַ מיליטערישן שטעמפּל. געעפנט דעם קאָנווערט, נעם איך אַרויס אַ בויגעלע פּאַפּיר און לייען. אַ געהיימע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע הייסט מיר, איך זאָל אַוועקלייגן ערגעץ אויף אַ דעכל פינף און צוואַנציק טויזנט רובל אין גאָלד. אין פאַל ווען איך וועל דאָס נישט טאָן, וועט מען מיר אויפרייסן דעם זאַוואָד און מען וועט מאַכן פון אַלץ און פון אַלעמען אַ תּל.

איך האָב איבערגעגעבן דאָס בריוועלע אין דער פּאָליציי. דאָרט האָט מען מיר געראָטן, איך זאָל אַוועקלייגן אויפן אָנגעוויזענעם דעכל אַ פּאַפּירענעם פּאַקעט, און עטלעכע פּאָליציאַנטן, וואָס וועלן זיך דערביי ערגעץ פאַרשטעקן, וועלן שוין פאַרהאַלטן דעם אָפּנעמער.

איך האָב אַזוי געטאָן. די חברה־לייט זענען אָבער אויך נישט קיין יאָלדן. קיינער איז נישט געקומען אָפּנעמען דעם פּאַקעט... גיכער פון אַלץ, מיין איך, איז די פּאָליציי אַליין געווען פאַרמישט אין דעמדאָזיקן ענין. ס׳איז מסתמא געווען איר אויפטו. אין יענע אַנאַרכיע־טעג האָט מען נישט אַלעמאָל געקענט אונטערשיידן פון אַ פּאָליציאַנט ביז אַ באַנדיט...

עס פאַרשטייט זיך, אַז צו דער לוויה זענען מיר שוין נישט געגאַנגען. אַ גאַנצע נאַכט איז מען געווען וואַך. אויפן זאַוואָד און אויפן הויף איז מען אַרומגעגאַנגען מיט רעוואָלווערן אין די הענט...

עטלעכע אַרבעטער אונזערע האָבן זיך אַפילו באַוואָפנט מיט ביקסן. מען האָט מיט געשפּאַנטע נערוון געוואַרט אויף אַן איבערפאַל. פון דער הינטערשטער זייט פון זאַוואָד זענען

אפילו געפאַלן צו אונז עטלעכע שאָסן. מיר האָבן געענטפערט. אזוי איז אדורכגעגאַנגען די נאַכט און אזוי איז אדורכגעגאַנגען די גאַנצע וואָך. מיר האָבן געפירט אַ מלחמה מיט אַן אומזעעוודיקן שונא.

אַ מענטש ווערט צו אַלץ געוויינט. מיר זענען געוויינט געוואָרן צו אַ רעוואָלווער, צו האַלטן דעמדאָזיקן קליינינטשקן שוואַרצינקן מלאך-המות אין דער האַנט... ווי באַלד אַז מען לעבט אין אַ צייט פון ביקסן, האַרמאַטן, פעלדהאַרמאַטן, פוליע-מיאָטן, האַוביצעס, געפאַנצערטע צוגן, געפאַנצערטע אעראָ-פלאַנען, טאַנקען א. אַז. וו., א. אַז. וו. מוז מען דאָך אַליין אויך זיין אַ שטיקל שיסער...



# קאַפּיטל XXV

שפּאַגלנייע קאָמאַנדירן. — די ווילדע דיוויזיע. — דער וואַכפּאָסטן אויפן דאַך — אַכצן רייטער פון א דיוויזיע. — דער פראָנט צעשמעלצט זיך. — א ראָטע קוילנוואַרצער. — מיין שמועס מיטן קאָמאַנדיר פון דער ראָטע. — נישטאָ קיין זעלנער. — יעשנדיקע טעג און לאַנגע נעכט. — מען פילט זיך ווי פאַרמשפּטע. — וואָס יידן שמועסן צווישן זיך. — וואָס וועט עס זיין, ווען די מיליאָנען געפאַנגענע וועלן נעמען גיין אַהיים. — טראָצקיס נאָמען. — די עלטערע און די יונגערע יידן.

מיט יעדן טאָג האָט זיך פאַרגרעסערט דער כאַאָס, די מהומה די צעמישעניש. כמעט אַלע טאָג האָב איך געהאַט אומבאַקאַנטע אָפיצירן, שפּאָגלנייע „קאָמאַנדירן", וואָס זענען געקומען רעקווירירן מיין דירה. מען האָט זיך איינגעגעסן אין מיין הויז און מען האָט מיר נישט געלאָזט לעבן. כדי צו ראַטעווען דאָס שטיקל מנוחה פון מיין אייגן ווינקל, האָב איך מיך געמוזט אויסקויפן מיט געלט...

די „רעקווירירער" האָבן כלומרשט געמאַכט זייער אַן ערנסטע מינע:

„וואָס הייסט געלט? מיר מוזן האָבן די דירה! פאַרן מיליטער איז נישטאָ קיין שום תירוץ".

איך האָב שוין אָבער געקענט דידאָזיקע מינעס, דעמדאָזיקן אָנשטעל: ער איז אויסן געווען בלויז געלט. און איך האָב געגעבן.

אַ ייד זאָגט געוויינלעך:

„ס'איז נאָך גוט, אַז מען קען זיך אויסקויפן פאַר געלט".

און ער איז גערעכט. אַ סך ערגער איז, ווען מען קען זיך אַפילו פאַר קיין געלט נישט אויסקויפן.

און פון פראָנט האָט אַלץ געשטראָמט און געשטראָמט מיט זעלנער, מיט גרויסע שינעלן, מיט אָפגעבּרענטע פּאָנישע פּנימער, וואָס האָבן דיר קיין שום גוטס נישט פאַרשפּראָכן. זיי האָבן פאַרפלייצט די שטאָט, די טראַקטן, די צוגן, און ס'האָט קיין סוף נישט גענומען צו זיי.

איינמאָל זיץ איך אין מאַגיסטראַט, קומט פּלוצלונג אָן אַ טעלעגראַמע, אַז די באַרימטע „ווילדע" דיוויזיע פון די קובּאַנער קאָזאַקן גייט פון לוצק אויף ראָוונע, און זיי שמועסן צווישן זיך, אַז זיי וועלן מאַכן אַ תּל פון דער שטאָט. מען וועט זי פּשוט אויסגלייכן מיט דער ערד. מען וועט זי פאַרוויסטן, אַז פון איר זאָל קיין זכר נישט בלייבן.

אין דעם פּרט האָט די ווילדע דיוויזיע געהאַט אַ גרויסן קרעדיט. מען האָט עס איר געקענט גלויבן אַפילו אָן אַ שבועה.

איך בין צוועקגעלאָפן אַהיים, תּיכף-ומיד אַרויסגעפירט די ווייבער מיט די קינדער, פאַרשלאָסן דעם ביר-זאַוואָד, אַלץ פאַרהאַקט און פאַרקלאַפּט, צוגעגרייט אַן אָרט, וואו מען זאָל זיך קענען באַהאַלטן אין אַן עת-צרה און אייניקע פון אונז זענען אַרויפגעקראָכן אויפן דאַך אַלס מרגלים. מיר האָבן נישט געוואָלט זיין פון די פאַרשפּעטיקטע, אַז זיי זאָלן אונז נעמען יאָגן און באַפאַלן, נאָר אַז מיר זאָלן קענען אַנטלויפן פריער און אַזוי-אַרום אויסמיידן די סכּנה.

ביז שפּעט אינאָוונט זענען מיר געשטאַנען אויף אונזערע וואַכפּאָסטנס אויפן דאַך און מיר האָבן קיין שום דיוויזיע נישט באַמערקט. ערשט שפּעטער, ווען מיר זענען אַראָפּ פון דאַך, האָבן מיר באַמערקט אַ פּאָר צענדליק מעלאַנכאָלישע רייטער...

מיר זענען גאַנץ רואיק צוגעגאַנגען צו זיי און געפרעגט:

„מען האָט דאָך עפּעס געשמועסט פון אַ דיוויזיע... זי קומט גאָרנישט קיין ראָוונע?"

די רייטער האָבן געענטפערט:

„באַ! מיר זענען אַרויס פון לוצק ביי אַ פיר הונדערט מאַן. אין וועג זענען מיר אָבער צעשמאָלצן געוואָרן... אַ טייל האָט פאַרקויפט די פערד מיט די ביקסן צו די אַרומיקע פּויערים און איז אַוועק מיט פאַרשיידענע וועגן... אַ טייל איז אַוועקגעפאָרן מיט דער באַן, אַ טייל איז פאַרבליבן ערגעץ... איר זעט דאָך: פון פיר הונדערט רייטער זענען געבליבן בלויז אַכצן..."

מיר האָבן דאָס טאַקע געזען און מיט אַ פולן האַרץ געשעפּטשעט:

„גאָט צו דאַנקען!"

כלעבן, די ווילדע דיוויזיע איז אַ וואוילע דיוויזיע, וויבאַלד, אַז זי קען זיך אַזוי צעשמעלצן און צעגיסן, ווי וואַסער. ווער האָט עס אויסגעטראַכט אויף איר, אַז זי באַשטייט בלויז פון גזלנים און רוצחים? נישט גוט זאָל זיי ווערן פאַר אַזאַ מין רכילות און לשון-הרע!

מיר זענען אַוועק צהיים און מען האָט ווידער אָפּגעשלאָסן אַלע שלעסער און מען האָט ווידער אויפגעמאַכט אַלע טירן און מען האָט אַריינגעפירט צוריק די ווייבער מיט די קינדער און ווידער אויף אַ ווײַלע אָפּגעצויגן דעם אָטעם...

אַ צווייט מאָל לויפט אַריין צו מיר נישט טויט, נישט

לעבעדיק אַ באַמטער און זאָגט מיר אָן מיט האַלב אומפאַר־שטענדלעכע ווערטער:

„הער פּיסיוק, ס'איז שלעכט! אַ ראָטע קוילנוואַרפער איז געקומען... איר קאָמאַנדיר האָט שוין רעקווירט ביי אייער שכן אַ צימער... איר ווייסט דאָך שוין וואָס דאָס איז פאַר אַ חברה..."

פון אַזאַ מין בשורה קען אַ מענטשן כאַפּן ציטערן די קני. אַזוי ווי מיין טאַקטיק איז געווען — באַצייטנס אויס־צומיידן יעדע צרה (איך האָב שוין געהאַט גענוג פּראַקטיק אין ראָוונע), בין איך אַוועקגעלאָפן צו דעמדאָזיקן קאָמאַנדיר, געשלאָסן מיט אים באַקאַנטשאַפט, געכאַפּט מיט אים אַ שמועס און בעת מעשה אַזוי, פאַרבייגייענדיק, צוגעוואָרפן:

„נו, ביר וועט איר שוין האָבן וויפל אייער האַרץ גע־לוסט... איר וועט קענען טרינקען און טרינקען... און אַמאָל אַ גוט שטיקעלע פיש... און אַ וואויל שטיקעלע פלייש... און אַ פריש בולקעלע... איר פאַרשטייט, איך וואָלט נאָר געוואָלט, אַז אייערע זעלנער זאָלן נישט וועלן מאַכן ביי מיר אַן אָר־דענונג... איר ווייסט דאָך, היינטיקע צייטן... מיר זענען נישט אַלעמאָל צופרידן פון זייערע אָרדענונגען... אָבער ביר, פיש... אַ מעגנדל, אַ שטיקל גענזנס... איר פאַרשטייט... וויפל איר ווילט אַליין..."

דער אָפיציר האָט מיך העפלעך באַדאַנקט. ער פרעגט מיך אָבער:

„וואָסערע זעלנער?"

„נו, אייערע זעלנער", זאָג איך, „די ראָטע קוילנוואַרפער..."

וואָס? די ראָטע קוילנוואַרפער?"

ער האָט זיך צעלאַכט.

„זיי זענען זיך שוין לאַנג צעלאָפן!..." האָט ער געזאָגט.

„דער רוח ווייסט זיי, וואו זיי זענען. די פערד האָט מען מסתמא פאַרקויפט, די פּוליצמיאַנטן האָט מען אוועקגעוואָרפן... און מען איז נעלם געוואָרן. איך בין געבליבן מיטן אַדיוטאַנט און מיטן דענשטשיק... נישטאָ קיין זעלנער, נישטאָ!" האָט ער צוגעגעבן מיט האַרץ.

דערהערט, אַז די זעלנער זענען נעלם געוואָרן, האָב איך באַלד אויסגעקערעוועט דעם וואָגן און בין אוועקגעגאַנגען. עס פאַרשטייט זיך, אַז די הבטחות וועגן ביר, פיש, געגזנס און אַנדערע גוטע זאַכן, זענען שוין מער נישט איבערגעחזרט געוואָרן... וואָס פאַר אַ ווערט האָט איצט דער אָפיציר אין מײַנע אויגן, אַז זײַנע זעלנער זענען זיך צעלאָפן?

אָן די זעלנער איז דער אָפיציר געווען אַזאַ שוואַך אומבאַהאָלפן ווען, פּונקט ווי איך.

די טעג האָבן זיך געצויגן יעשנדיקע, רעגנדיקע. די נעכט זענען געווען לאַנגע, פינסטערע, אומעטיקע. מען האָט נישט געוואוסט אויף וואָסער וועלט מען איז.

פאַר אונז איז אָבער געווען קלאָר, אַז מיט דער מלחמה איז געענדיקט. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל באַפעלן, אַז מען זאָל זיך שלאָגן און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל פאָלגן דעם באַפעל און זאָל זיך וועלן שלאָגן.

ווען די עסטרייכער וואָלטן נישט געהאַלטן אַזוי שלעכט סיי בײַ זיך אין לאַנד און סיי מחוצן לאַנד און ווען די דײַטשן וואָלטן נישט געהאַט אַזעלכע שוועריקייטן אויפן מערב־פראָנט, וואָלטן זיי געקענט אָן שום מי אָפּשניידן האַלב רוסלאַנד. עס איז נישט געווען ווער עס זאָל עס פאַרטיידיקן.

שפּעטער האָבן טאַקע די דײַטשן אַזוי געטאָן. זיי האָבן אָפּגעשניטן גאַנצע שטחים פון רוסלאַנד און זענען אַרײַנגע־

קראַנקן אין צופֿעלצע ווייטע שטעט, ווי ראָסטאָוו, יעקאַטערינאָס-לאַוו א. אַז. וו.

ווען איך טראַכט איצט, בײַם רואיקן שרײַבטיש, פֿון יענע אומהיימלעכע טעג, זע איך בלויז געוואַלדיקע סכנות און איך פֿאַרשטיי נישט ווי אַזוי מיר האָבן זיך אַרויסגעקריגן מיטן לעבן פֿון דעם זעלנער-ים.

מיר האָבן זיך געפֿילט, ווי פֿאַרמשפּטע, און האָבן בלויז נישט געוואוסט, ווען דער פּסק-דין וועט אויסגעפֿירט ווערן. עס איז רעכט איצט, בײַטאָג, צום מיטאָג, און עס איז רעכט בײַנאַכט, בעתן שלאָף אָדער מאָרגן, איבערמאָרגן...

דאָס לעבן איז אָבער געגאַנגען זײַן וועג. דער סוחר האָט געמסחרט, דער בעל-מלאכה האָט געאַרבעט, דער לערער האָט געלערנט.

יונגע מענטשן האָבן זיך געליבט, מען האָט חתונה גע-האַט, געקינדלט, געפֿירט אַ לעבן. מאַנכע זענען דווקא אין יענע טעג רײַך געוואָרן...

אין די שולן און בתי-מדרשים האָט מען געדאַוונט. נאָכן דאַוונען האָט מען זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ. מען האָט גע-רעדט פֿון פּאָליטיק, פֿון צעפּאַלענעם פּראָנט, פֿון די אַרומ-וואַנדערנדיקע זעלנער, וואָס האָבן געשאַפֿן דעם כאַאָס.

„די צרה איז", האָט מען געשמועסט צווישן זיך, „וואָס יעדער זעלנער איז אַ האַלבער באַנדיט, אויב נישט קיין גאַנ-צער... אין דעם פּרט איז די מלחמה פֿאַר אים געווען דער בעסטער חדר. ער האָט פֿאַרלאָרן אַלץ פֿון דעם, וואָס „אַלע גוטע פֿרומע לײַט הייסן..." די מלחמה האָט אים געלערנט, אַז אַ מענטשנס לעבן איז נישט הייליק, זײַן האָב און גוטס איז אַ הפקר-זאַך. איצט דערהרגעט ער אַן אומבאַשיצטן מענטשן מיט אַ שמייכעלע און בערויבט אים מיט אַ טענצל..."

„אַ משיקאַווע זאַך״, האָט אַן אַנדערער געזאָגט, „דאַכט זיך, די זעלנער האַלטן דאָך אין איין גיין, אין איין לויפן, אין איין פאָרן פונדאַנען, און פונדעסטוועגן נעמען זיי זיך נישט אויס. די שטאָט איז פול מיט זיי״.

„איך טראַכט אַן אַנדער זאַך״, האָט זיך צעריינגעמישט אַ דריטער, „וואָס וועט עס, אַ שטייגער, זיין מיט די געפאַנגענע? לויט מיין חשבון האָט רוסלאַנד ביי אַ צוויי מיליאָן געפאַנגענע בלויז אין דייטשלאַנד אליין. אין דייטשלאַנד, דער־ציילט מען, האָבן זיי די גאַנצע צייט געהונגערט, געגעסן בלויז אַזויפיל, אַז דער בידנער גוף זאָל ווי עס איז זיך דערהאַלטן ביים לעבן. אַ סך האָבן טאַקע נישט אויסגעהאַלטן און זענען אויסגעשטאָרבן פון הונגער. היינט וואָס וועט עס זיין, אַז מען וועט אָפּלאָזן די מיליאָנען געפאַנגענע אַהיים? זיי וועלן דאָך זיין נאָך געפערלעכער פון די, וועלכע לויפן איצט פון פראָנט! אויסגעהונגערטע, אויסגעמוטשעטע, פאַרבי־טערטע, וועלן זיי אָן שום רחמנות זיך נוקם זיין אין דער פרידלעכער באַפעלקערונג...״

„וואָס איז דאָ צו רעדן״, האָט זיך אָנגערופן אַן עלטע־רער ייד, „איר שמועסט אַלץ פון זעלנער, פון געפאַנגענע. עס איז פאַראַן נאָך אַ מכה, וואָס וועגט איבער די אַלע ביזאַהעריקע מכות״.

„וואָסער מכה מיינט איר?

„איך מיין די גדולים...״

„די גדולים?״ האָבן זיך די יידן פאַרטראַכט.

„נו, יאָ, טאַקע זיי מיין איך. עס טומלט דאָך איצט מיט זיי אין פעטראָגראַד, אין מאָסקווע... לענין, טראָצקי...״

„טראָצקי איז אַ ייד...״ האָט עמעץ פון דער זייט אַ זאָג געטאָן.

„יאָ, אַ ייד... קיין כבוד וועט ער אונז אָבער נישט צוגעבן".

„דער עלטערער ייד האָט געזאָגט:

„פון זיי, פון די גדולים, נעמט זיך איצט דער גאַנצער תהו-ובהו. עס קען נאָך קומען צו פּאָגראָמען, צי גאָט ווייס וואָס. מענטשן טענהן, אַז עס דאַרף זיין דיינס — מיינס און מיינס-דיינס... ווי אַזוי וועט מען עס אָבער אויספירן? דאָס איז, יידן, אַ שטיקל אַרבעט פאַר משיחן, אָבער נישט פאַר זיי..."

„דאָס האָט אַלץ די מלחמה אָנגעמאַכט", האָט עמעץ צוגעזיפצט.

„יאָ, די מלחמה, די מלחמה..." האָבן אַלע צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

די יונגע האָבן אָבער אַנדערש געשמועסט. אין זייערע רייד איז שוין אַריינגעפאַלן אַ באָלשעוויסטישער קלאַנג. זיי האָבן שוין אויך געהאָפט, געגלויבט, אַז דערדאָזיקער כאַאָס וועט אַרויספירן אויף אַ גלאַטן קאָמוניסטישן וועג...



# קאַפּיטל XXVI

די באָלשעוויקעס ביי דער מאַכט. — קערענסקי מאַכט פּליטה. — נייע מהומות. — די באַוועגונג אין אוקראַינע. — ראַוונע און די נייע מהומות אין רוסלאַנד. — יאָ באָלשעוויזם, נישט באָלשעוויזם. — די מיליציע אין ראַוונע. — דער געפערלעכער באַנדיטיזם. — אַ זעלנערישע הלבשה און אַ רעוואָלווער אין קעשענע. — מיין שמירה. — אויס פּחד פאַר אַן איבערפאַל. — מען קען זיך צוגעוווינען אפילו צום מלאך-המות. — מיין פּלאַן וועגן אַ שול און אַ האַנטווערקער-שולע. — מען נעמט זיך צו דער אַרבעט. — מענטשן חדשן זיך. — די שול ווערט אויפגעבויט. — אַן אויסגעצייכנטע סגולה זיך צו באַרואיקן.

דער כאַאָס האָט ביסלעכווייז אָנגענומען באַשטימטע קאָנטורן. אין פּעטראָגראַד האָבן די באָלשעוויקעס מנצח געווען די פּראָוויזאָרישע רעגירונג. קערענסקי, דער בארימטער און דער ניין-מאָס-רעדער, האָט געמאַכט פּליטה. דעם 25-טן אָקטאָבער איז די מאַכט איבערגעגאַנגען צו די באָלשעוויקעס.

עס האָט זיך ווידער גענומען טומלען, נאָר אויף אַ נייעם שטייגער. אין אוקראַינע האָט זיך אָנגעהייבן אַ באַוועגונג פאַר „סאַמאָסטיינאָסט", פאַר אַ זעלבשטענדיקער מלוכה, אָפּגעטיילט פון רוסלאַנד.

עס זענען אַרויסגעשוואומען אוקראַיִנישע טוער, ווי גרו־שעווסקי, ווינישעענקאָ, פּעטליורא און אַנדערע. דידאַזיקע באַוועגונג האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך אין ראָוונע. בכלל האָט אַלץ געפונען אַן אָפּקלאַנג אין אונזער שטאָט. ווי אַ טראָפּעלע ים־וואַסער שפּיגלט אָפּ אין זיך די עלעמענטן פון ים, אַזוי האָט ראָוונע אָפּגעשפּיגלט אין זיך די שטימונגען פון גרויסן רוסלאַנד.

אָבער אַ טראָפּעלע איז נישט דער ים, און ראָוונע האָט זיך נישט געקענט קריסטאַליזירן: יאָ באָלשעוויזם, נישט באָלשעוויזם, יאָ „סאַמאָסטיינאָסט“, נישט „סאַמאָסטיינאָסט“, אָדערביידע זאַכן צוזאַמען.

אונזער „בונד“ און די פּאַרייניקטע סאָציאַליסטן זענען געווען קעגן די באָלשעוויקעס. זיי זענען שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן דער באָלשעוויסטישער אַגיטאַציע, וואָס האָט זיך אָבער תמיד אַדורכגעריסן דורך אַלע צוימען, ווי האַסטיק שטראָמיק וואַסער...

דאָס יונגוואַרג, די פּאַרטייען האָבן זיך אַרומגעריסן. מען האָט געהאַלטן אין איין דעבאַטירן און מען האָט בעת מעשה באַשאָטן איינאַנדער מיט די שאַרפסטע זידלווערטער.

די שטאָט איז דערווייל געהאַנגען אין דער לופטן אָן אַ מאַכט, אָן אַ פירער. אַלע אַלטע געזעצן האָבן געפּלאַצט און קיין נייע זענען נישט געשאַפן געוואָרן. די מיליציע, וואָס האָט פאַרטראָטן דעם אָרט פון דער פּאָליציי, איז על־פּי־רוב באַשטאַנען פון פאַרדעכטיקע עלעמענטן. אַ מיליציאַנט איז לגמרי נישט געווען דער מענטש, ביי וועלכן מען האָט געקענט געפינען שוץ. מען דאַרף אָננעמען, און מיט רעכט, אַז די מי־ליציע האָט דעמאָלט אָרגאַניזירט די אַלע באַנדיטישע אָנפאַלן,

וואָס זענען געוואָרן אין ראָוונע אַ טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג. דער באַנדיטיזם האָט אָנגענומען אַזעלכע פאָרמען, אַז מען האָט שוין איינגאַנצן פאַרלאָרן דעם פּחד פאַר אים און מען האָט זיך געזאָגט, ווי חולאים פאַר אַ שווערער אָפּעראַציע, אוועקמאַכנדיק מיט דער האַנט:

„ווי גאָט וועט געבן, אַזוי וועט זיין!..

איך האָב מיך אויסגעלערנט צו גיין מיטן רעוואָלווער אין קעשענע און איך האָב מיך אויסגעלערנט צו שיסן... איך האָב מיר שוין לאַנג געזאָגט, אַז וואָס עס זאָל נישט געשען, וועל איך די באַנדיטן שטעלן אַ ווידערשטאַנד און וועל מיך ראַנגלען ביז דעם לעצטן אָטעם. איך האָב מיר געטראַכט און באַשלאָסן, ווי זשול ווערנס העלדן, בשעת זיי האָבן זיך געפונען אין אַ סכנה (זיי האָבן זיך דאָך תמיד געפונען אין אַ סכנה), „אַז איך וועל ביליק נישט פאַרקויפן מיין לעבן...”

געפינענדיק זיך כסדר אין אַ ים פון זעלנער, האָט די פרידלעכע באַפעלקערונג ביסלעכווייז איבערגענומען זייער הלבשה. איך האָב אויך געטאָן דאָס אייגענע. די אויסערלעכע זעלנע־רישע גרויקייט האָט אַ ביסל באַשיצט. דער געדאַנק, אַז דו צייכנסט זיך נישט אויס, אַז דו וואַרפסט זיך נישט אין די אויגן מיט דיין ציווילער הלבשה, האָט אויך עטוואָס באַרואיקט.

איך בין געגאַנגען האַלב זעלנעריש געקליידעט און יעדעס מאָל האָבן מיך אין גאַס באַגלייט צוויי הויכע געזונטע באַוואָפנטע מענטשן. נאַטירלעך קיין אַבסאָלוטע שמירה איז דאָס נישט געווען, אָבער מען האָט געקענט שטעלן אַ ווידערשטאַנד און מען האָט זיך געקענט ראַנגלען.

אַזוי האָט מען דעמאָלט געלעבט.

אַן איבעַרפאַל אין שטאָט האָט שוין אויף קיינעם קיין

איינדרוק נישט געמאַכט. די פראַגע איז נאָר געווען, צי האָבן די באַנדיטן געלאָזט לעבן זייער קרבן. בלויז דאָס לעבן האָט נאָך געהאַט עפּעס אַ ווערט. אָבער דאָס פאַרמעגן, דאָס האָב און גוטס פון אַ מענטשן איז שטאַרק געפאַלן אין קורס. איצט איז עס מיינס, אָבער אין אַ רגע אַרום קען עס מיר עמעצער צונעמען, אַוועקרייבן מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט, און איך וועל איבער דעם קיין איין טרער נישט פאַרגיסן. איך וועל נאָר אָפּדאַנקען גאָט, וואָס מען האָט מיך געלאָזט לעבן.

ווען די באַנדיטן זענען ביינאַכט באַפאַלן אונזערן אַ שכן, אַ זייף־פאַבריקאַנט און האָבן ביי אים צוגענומען אַ גרעסערע סומע געלט, איז דער רויב, די גזילה כמעט קיינעם נישט אָנגעגאַנגען. די פראַגע איז נאָר געווען:

„צי לעבט ער? צי האָט מען אים, חלילה, נישט דער־שאָסן?"

און אַז מען האָט זיך דערוואוסט, אַז ער לעבט, אַז דער איבערפאַל האָט אים פערזענלעך נישט געשאַדט און אַז ער איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק, אפילו מיט טויט־שרעק, האָט מען זיך געזאָגט:

„גאָט צו דאַנקען! גאָט צו דאַנקען! אַבי ער לעבט!"

נאָך אַ ביסל — און מען וואָלט שוין דאָס אויך נישט געזאָגט. מען האָט געזען אַרום זיך אַזויפיל אומזיסטע טויטן, אַז מען האָט זיך געקענט גאַנץ לייכט צוגעוויינען אויך צום מלאך־המות...

* *
*

איך האָב מיך שוין לאַנג אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן — אויסצובויען אַ שול צום דאַוונען און צום לערנען און גרינדן אַ האַנטווערקער-שולע פאַר די קינדער פון דער אומפאַרמעג-לעכער באַפעלקערונג.

ווי דאָס איז נישט אויסטערליש אויפן ערשטן קוק, האָב איך מיך דווקא אין יענע טעג גענומען מיט דער גאַנצער ענערגיע פאַר דעמדאָזיקן פּלאַן. און איך האָב גוט געטאָן. אַזויאַרום האָב איך מיך אַ ביסל באַפרייט פון דער אומהיימ-לעכער סומנער ווירקלעכקייט.

איך האָב אָפּגעקויפט אַ גרויס צווייִשטאָקיק הויז, וואָס איז אינגאַנצן רואינירט געוואָרן פון קריג, און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. מיין פּלאַן איז געווען: דער פּאַר-טער — פאַר דער האַנטווערקער-שולע, דער ערשטער שטאָק פאַר דער שול.

איך האָב געלאָזט איבערבויען דאָס גאַנצע הויז. באַ-קאַנטע מענטשן האָבן מיך אפילו אָנגעקוקט מיט גרויס חידוש.

„געפונען די ריכטיקע צייט צו בויען אַ שול", האָבן זיי געזאָגט. „זעט וואָס עס טוט זיך אינדרויסן: היינט לייגט איר דעם פונדאַמענט און מאָרגן וועלן קומען די משחיתים און וועלן אים צעוואַרפן... ס'איז פשוט אַ שאָד דאָס געלט".

איך האָב זיי נישט געהערט, און די שול איז אויסגע-בויט געוואָרן. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די אַרבעטער האָבן זייער טריי געאַרבעט, נישט געזשאַלעוועט קיין איבע-ריקע מי און טרחה, פּונקט ווי זיי וואָלטן געבויט אַן אייגן ווינקעלע פאַר זיך...

באַזונדערס שיין איז אַרויס דער ארון-קודש. געמאַכט האָט אים אַ סטאָליאַר אַ קינסטלער, און איך וועל אים דאָ אָנרופן ביים נאָמען: ר׳ אברהם אַלעקסאַנדער.

עד-היום, ווען איך קוק אויף דעמדאָזיקן ארון-קודש, וואָס איז געשניצט געוואָרן פון גוטן דעמבענעם האָלץ, ווערט מיר וואַרעם אויף דער נשמה...

די שול, ווי געזאָגט, איז אויסגעבויט געוואָרן, אין דער שול דאַוונט מען. דער פּלאַן וועגן דער האַנטווערקער-שולע איז אָבער נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.



# אינהאַלט:

## קאַפּיטל I

## קאַפּיטל II



## קאַפּיטל III

## קאַפּיטל IV

## קאַפּיטל V



## קאַפּיטל VI

## קאַפּיטל VII

## קאַפּיטל VIII

## קאַפּיטל IX



## קאַפּיטל X

## קאַפּיטל XI

## קאַפּיטל XII

## קאַפּיטל XIII

## קאַפּיטל XIV



## קאַפּיטל XV

## קאַפּיטל XVI

## קאַפּיטל XVII

## קאַפּיטל XVIII

# קאַפּיטל XIX



# קאַפּיטל XX

## קאַפּיטל XXI

## קאַפּיטל XXII

## קאַפּיטל XXIII



## קאַפּיטל XXIV

## קאַפּיטל XXV

## קאַפּיטל XXVI





